# געקליבענע

# שריפטען

— פון —

# י. וו. געטהע

איבערזעצט פון

## ד. מ. הערמאלין

דריטער באנד

היברו פּאָבלישינג קאָמפּאַני
83-85 קאַנאַל סטריט, ניו יאָרק.
1911.

# אינהאלט פערצייכניס





# די משוגעת פון פערליעבּטען

א שוישפיעל אין איין אקט.

---

פּ ע ר ז אָ נ ע ן:

עגלע ערידאָן

אמינע לאמאָן

# ערשטער אויפטריט

(אמינע און עגלע ביי דער ערשטער זייט פון טהעאטער און וויעקלען קראנצען. לאמאן קומט אריין און ברענגט א קערבעלע בלומען.)

לאמאן (אניעדערשטעלענדיג דאס קערבעלע):

דא האט איהר נאך בלומען.

עגלע.

גוט!

לאמאן.

זעהט דאך, ווי שעהן זיי זיינען!
די נעלקע האב איך פון דיינעטוועגען אבגעבראכען.

עגלע.

די ראזע! —

לאמאן.

ניין, מיין קינד!
אמינע איבערגיב איך היינט דאס זעלטענע פון יאהר.
די ראזע זעה איך גערן אין שווארצע האאר.

עגלע.

און דאס זאל איך רופען צוגעבונדענקייט, אנשטענדיגקייט?

לאמאן.

ווי לאנג ליעבסטו מיך שוין אהנע מיך צו קענען?
איך וויים עס גאנץ געווים, אז דו ליעבסט בלויז מיך אליין,

און דיעזעם מונטערע הארץ איז אויך אויף אייביג דיין.
דו ווייסט עס. דאָך פערלאַנגסטו נאָך מעהר מיך צו בינדען!
איז עס ניט אנשטענדיג אנצוערקענען, אז אנדערע זיינען אויך
שעהן!
איך פערביעט דיר ניט צו זאָגען: „דער איז שעהן,
„דער אנשטענדיג, דער אמוזירענד!" איך בין מודה,
אז דאס וועט מיך ניט בייז מאַכען.

## עגלע.

זיי עס אויך ניט! איך וועל עס אויך ניט ווערען.
מיר האבעןביידע גלייכע חסרונות. מיט פריינדליכקייט
הער איך מיך איין צו פיעלע, און עפּעס א פּאסטושקע
דערצעהלסטו עפּעס זעהר זיסעס, ווען איך בין ניט דערביי.
דעם הארצען קען מען בעפעהלען, אבער ניט דעם שפּאס;
פאר אונגעטרייהייט מוז אונז היטען דער לייכטזינן.
מיר פּאסט אייפערזוכט נאָך וועניגער ווי דיר.

(צו אמינע'ן:)

דו לאַכסט איבער אונז! וואס דענקסטו, ליעבע, זאָג!

## אמינע.

ניט פיעל.

## עגלע.

גענוג צו פיהלען מיין גליק און דיין קוואל.

## אמינע.

ווי אזוי?

## עגלע.

ווי אזוי! אנשטאט מיר זאָלען זיך צוזאמען שפּיעלען,
אז אמאָר'ס שלעפעריגקייט זאָל פערשווינדען ביי דיין לאַכען,
הייבט זיך אָן דיין קוואל, ווען דיין געליעבטער זעהט דיך.

קיין מאַן האט נאָך געהאַט אַ גרעסערע איינגעשפּאַרטקייט.
דו דענקסט ער ליעבט דיך. אַך, ניין, איך קען איהם בעסער;
ער זעהט, אז דו זאָלסט פאָלגען; דערפאַר ליעבט דיך דער טיראַן,
כדי ער זאָל עמיצען האבען וועמען צו בעפעהלען.

## אמינע.

אַך, ער פאָלגט מיך אָפּט —

## עגלע.

אום ווידער צו בעפעהלען.
דארפסטו ניט גנב'ענען יעדען בליק פון זיינע אויגען?
די מאַכט פון דער נאַטור, וואס ליעגט אין אונזער בליק,
וואס ענטציקט דעם מאַן, וואס בעהערשט איהם,
האָסטו איהם אוועקגעשענקט און מוזט דיך גליקליך האלטען,
ווען ער איז בלויז פריינדליך. דער שטערען פול קנייטשען,
די ברעמען טיעף, די אויגען פינסטער, ווילד,
די ליפּען צונויפגעדריקט — אַ ליעבענסווירדיג בילד
ווי ער ווייזט זיך יעדען טאָג, ביז בעטען, קושען, קלאָגען
קענען קוים פעריאָגען דעם בייזען ווינטער פון זיין שטערען.

## אמינע.

דו קענסט איהם ניט גענוג, דו האָסט איהם ניט געליעבט,
עס איז ניט איינגעשפּאַרטקייט, וואס בעטריעבט איהם אזוי;
אַ מין משוגענער פערדרוס פלאגט זיין הארץ
און בעטריעבט מיך און איהם צוזאמען.
און דאָך האב איך פערגניגען, ווייל אזוי גיך ווי ער זעהט מיך,
ווען ער הערט מיינע שמייכלערייען, פערשווינדעט באלד זיין
משוגעת.

## עגלע.

גלויב מיר, מען וואָלט זיך שוין געקענט בעגעהען אָהן אזא גליק.
דאָך, רוף מיר אָן די לוסט, וואס ער פערגינט דיר אַמאָל.
ווי האַט געקלאפּט דיין ברוסט, ווען מען האט גערעדט פון טאַנץ;

דער געליעבטער ענטלויפט פון טאנץ און שלעפט דיך נעבעך מיט.
קיין וואונדער, וואס ער קען זיך ניט ליידען ביי קיין אונטערהאלט,
ווייל ער איז אפילו מקנא דאס גראָז ארום דיינע טריט,
דעם פויגעל, וואס דו ליעבסט, האָסט ער אַלס נעבען־געליעבטען.
ווי קען ער רוהיג זיין, ווען איין אַנדערער נעהמט דיך ארום
און ער דרעהט זיך גאָר מיט דיר אין קרייזען
דיך דריקענדיג צערטליך צו זיך.

אמינע.

זיי נאָר ניט אונגערעכט, אָט, האב איך איהם געבעטען,
לאָזט ער מיך מיט אייך פייערן דיעזען יום־טוב.

עגלע.

וואַרט, דו וועסט עס נאָך דערפיהלען.

אמינע.

וואס מיינסטו?

עגלע.

פאר וואס איז ער ניטאָ?

אמינע.

ווייל ער האט ניט ליעב צו טאַנצען.

עגלע.

ניין, עס איז נאָר אַן אויסרייד.
וועסטו קומען צוריק גליקליך, וועט ער זאָגען שפּאָטיש:
„האָסט דאָרט שטאַרק הנאה געהאַט?" „זעהר פיעל!"
„איהר האט זיך געשפּיעלט אין משכנות, ער איז דערביי געווען?
„און געטאַנצט ארום בוים? איהר האט זיך אָנגעקוקט;
„ער טאַנצט געוויס זעהר שעהן? מיט וואס האָסטו איהם בעלוינט?"

אמינע (לאַכענדיג).

יאָ.

עגלע.

דו לאכסט?

אמינע.

יא, מיין פריינדין, דאס איז זיין גאנצער טאָן. —
נאָך בלומען!

לאמאָן.

דאָ! דאָ זיינען די בעסטע!

אמינע.

דאָך פרייט עס מיך איהם
צו זעהען מקנא זיין מיין בליק;
איך זעה אין דיעזער קנאה ווי מיין געליעבטער שעצט מיך מעהר
פון אלעס,
און מיין שטאָלץ בעצאָהלט מיר פאר אלע יסורים.

עגלע.

קינד, איך בעדויער דיך; דו ביסט א פערלאָרענע,
ווייל דו ליעבסט דיין עלענד; קלינגסט מיט דיינע קעטען
און רעדסט דיר איין עס איז מוזיק.

אמינע.

נאָך א באנד
פעהלט מיר צו דער שלייף.

עגלע (צו לאמאָן).

איינם האָסטו אוועק גענומען
וואס איך דארף בעקומען פון מאיענקראנץ צום פריהלינגס-פעסט.

לאמאָן.

איך וועל עס ברענגען.

עגלע.

אבער דו מוזט באלד צוריק קומען.



# צווייטער אויפטריט

עגלע, אמינע.

אמינע.

**ער** אבטעט ניט פיעל וואס זיין מיידעל שיינקט איהם.

עגלע.

מיר אליין געפעלט עס אויך ניט ווי מיין געליעבטער דענקט.
איהם ריהרען צו ווענינ די ליעבע שפיעלערייען,
וועלכע קענען דערפרייען א פיהלענדעס הארץ, כאטש זיי זיינען
אזוי קליין.
דאך, פריינדין, גלויב מיר, עס איז א קלענערער שמערץ
ניט פיעל געליעבט צו זיין, ווי צו שטארק געליעבט ווערען.
די טרייהייט געפעלט מיר שטארק, דאך מוז זי אונזער לעבען
מיט פולע זיכערהייט אונז געבען פאלשטענדיגע רוה.

אמינע.

אך, פריינדין, שעטצענסווערטה איז אזא צערטליך הארץ.
אפט האב איך אפילו יסורים, דאך ריהרט איהם מיין וועהטאג.
ווען ער וואַרפט מיר עפּעס פאר, פאנגט מיך אן צו פלאגען,
דאן דארף איך נאר זאגען איין וואָרט, בלויז איין וואָרט,
ווערט ער באלד אן אנדער מענש, קריעג פערשווינדעט;
ער וויינט זאגאר מיט מיר, ווען ער זעהט מיך וויינען,
קניעט פאר מיר און בעט איך זאל איהם מוחל זיין.

עגלע.

און דו ביסט איהם מוחל ?

אמינע.

תמיד.

עגלע.

הייסט דאס ניט א מיאוס לעבען ?
דעם ליעבסטען, וועלכער בעליידיגט אונז תמיד, תמיד פערצייהען,
אום ליעבע זיך בעמיהען און קיינמאָל ניט בעלוינט צו ווערען.

אמינע.

וואס מען קען ניט ענדערן —

עגלע.

ניט ענדערן ? איהם איבערמאכען
איז ניט קיין שווערע זאך.

אמינע.

ווי מיינסטו דאס ?

עגלע.

איך וועל עס דיך אויסלערנען.
דיין נויט און אונצופריעדענהייט שטאמט
פון ערידאָנס —

אמינע.

פון וואס ?

עגלע.

פון דיין צערטליכקייט.

אמינע.

דאס, דאכט זיך מיר, זאָל נאָר אָנצינדען געגענליעבע.

עגלע.

הָאסט א טעות, זיי הארט און שטרענג, וועט ער צערטליך ווערען.
פּרוביר עס איינמאָל, מאַך איהם אַביסעל צרות:
דער מענש וויל אויסקעמפּפען, ניט זיין צו זיכער.
ווען ערידאָן קומט פערברענגען מיט דיר א שטונדע,
זאָל ער וויסען, אז עס קומט איהם ניט אָן גרינג.
פאר קיין נעבען-געליעבטע האט ער קיין מורא ניט;
ער וויים, אז דו ליעבסט איהם מעהר ווי ער דיך.
זיין בליק איז אזוי גרוים, אַז ער האט קיין שום זאָרג;
איהם פעהלען קיין צרות, וויל ער זיך צרות מאַכען.
ער זעהט, אז דו ליעבסט איהם אליין אויף דער וועלט
און ער צווייפעלט דערפאר, ווייל דו לאָזט איהם ניט צווייפלען.
בענעגען איהם נאָר אזוי, ער זאָל מיינען, קענסט זיך אָהן איהם בעגעהן,
ער וועט אפילו קעהרען וועלטען, אבער ניט אויף לאַנג,
שפּעטער וועט איהם א בליק מעהר דערפרייען ווי יעצט א קוש.
מאַך ער זאָל מורא האבען, און ער וועט זיין גליקליך.

אמינע.

וואס דו זאָגסט, איז טאַקי זעהר גוט,
אבער איך קען עס ניט דורכפיהרען.

עגלע.

איך האב געוואוסט, אז דו האָסט ניט קיין מוטה!
געה, ביסט צו שוואך. זעה נאָר דאָרט!

אמינע.

מיין ערידאָן!

עגלע.

אָט דאס איז עס. ארעם קינד, ער קומט און דו ציטערסט שוין

פאר פרייד! דאס איז גאָר ניט; ווילסט איהם אבער איבערמאַכען
מוזטו איהם רוהיג זעהען קומען, איהם רוהיג אויסהערען;
דאס שטורמען פון דער ברוסט! רויטקייט פון געזיכט!
און דאַן —

אמינע.

לאָז מיך אָב! אזוי קען אמינע ניט ליעבען!



# דריטער אויפטריט

(ערידאַן קומט לאַנגזאַם מיט צונויפגעלעגטע ארעמס. אמינע שטעהט אויף און לויפט איהם ענטקעגען. עגלע בלייבט זיטצען.)

אמינע (איהם אָנגעהמענדיג ביי דער האנד).

געליעבטער ערידאַן!

ערידאַן (קושט איהר די האנד).

מיין אמינע!

עגלע (פאר זיך).

אך, ווי זים!

אמינע.

די שעהנע בלומען! זאָג, פריינד, ווער האט זיי דיר געגעבען?

ערידאַן.

ווער? מיין געליעבטע!

אמינע.

ווי? — אך! זיינען זיי פון מיר
אזוי פריש נאָך פון נעכטען?

ערידאַן.

ווען איך קריעג עפּעס פון דיר,
איז עס ביי מיר טהייער. און יענע פון מיר?

אמינע.

האב איך געברויכט
צו יענע קרענצלעך פאר'ן יום־טוב.

ערידאָן.

דאס וועט ארויסרופען ליעבע ביי די יונגע לייט
דערצו? אך, ווי דו וועסט גלענצען!
און קנאה ביי די מיידלעך.

עגלע.

פרעה דיך, וואס דו האָסט די צערטליכקייט
פון א מיידעל, פאר וועלכער אזוי פיעלע שטרייטען.

ערידאָן.

איך קען ניט זיין גליקליך, ווען פיעלע זיינען מיך מקנא.

עגלע.

דאָך קענסטו, ווייל ווער איז זיכערער ווי דו?

ערידאָן (צו אמינע'ן:)

דערצעהל מיר עפּעס פון דעם יום־טוב, וועט דאבעט אויך קומען?

עגלע (ארייננפאלענדיג אין די רייד:)

ער האט מיר געזאָגט ,אז ער וועט היינט ניט אויספעהלען.

ערידאָן (צו אמינע'ן:)

מיין קינד, וועמען וועסטו אויסקלייבען אלס דיין טענצער?

(אמינע שווייגט, ער ווענדט זיך צו עגלע'ן:)

זעה נאָר, איך בעט דיך, גיב איהר יענעם וועמען זי ליעבט בעסער.

אמינע.

דאס איז אונמעגליך, ווייל דו וועסט ניט זיין דערביי.

עגלע.

ניין, הער נאָר אויס, ערידאָן, איך קען עס ניט מעהר דערטראָגען.
וואס איז דאס פאר א חשק, אמינע'ן אזוי צו מאטערן?
פערלאָז זי, ווען דו גלויבסט, אז זי איז דיר ניט געטריי;
ווען דו גלויבסט אבער, אז זי ליעבט דיך, דאן לאָז זי צורוה.

ערידאָן.

איך מאטער זי ניט.

עגלע.

וואס'זשע, הייסט דאס זי דערפרייען?
אוים אייפערזוכט אויסגיסען פערדרוס אויף איהר פערגניעגען,
תמיד צווייפלען, כאָטש זי גיט דיר קיין אורזאכע,
אז זי —

ערידאָן.

נאראנטירסטו מיר דען, אז זי ליעבט מיך ווירקליך?

אמינע.

איך זאָל דיך ניט ליעבען! איך?

ערידאָן.

ווען האָסטו מיך געלערענט, איך זאָל דאס גלויבען?
ווער האט זיך געלאָזט אוועקרויבען א בוקעט פון דעם פרעכען דאמאָן?
ווער האט עס אָנגענומען דאס שעהנע באנד פון דעם יונגען טהירוס?

אמינע.

אך, ערידאָן! —

ערידאָן.

איז עס ניט אמת, האָסטו עס ניט געטהאָן?
האָסטו זיי ניט בעלוינט? אך, יא, דו קענסט קושען.

אמינע.

מיין בעסטער, ווייסטו ניט? —

עגלע.

אך, שווייג, ער וויל ניט וויסען!
וואס דו קענסט איהם זאגען, האסטו שוין לאנג געזאגט;
ער האט עס אויסגעהערט, און איבער א נייעם געקלאגט.
וואס העלפט עס דיר? קענסט עס איהם היינט נאך אמאל זאגען,
ער וועט בערוהיגט אוועקגעהען און מארגען ווידער קלאגען.

ערידאן.

און דאס וועט זיין פיעללייכט מיט רעכט.

אמינע.

מיט רעכט? איך זיין אונטריי?
אמינע דיר? מיין פריינד, קענסטו עס גלויבען?

ערידאן.

ניין!
איך קען, אבער איך וויל עס ניט.

אמינע.

האב איך אין מיין לעבען
דיר אמאל געגעבען געלעגענהייט?

ערידאן.

האסט עס אפט געגעבען.

אמינע.

ווען בין איך געוועזן אונטריי?

ערידאן.

קיינמאל ניט, און דאס ערגערט מיך טאקי.
אבזיכטליך האט עס קיינמאל ניט געפעהלט, לייכטזיניג אבער יא.

וואס מיר שיינט פאר וויכטיג, האלטסטו פאר א קלייניגקייט.
וואס מיר ערגערט, בעדייטעט ביי דיר גאָר ניט.

עגלע.

זאָל זיין אזוי, ווען אמינע נעהמט זאכען ניט ערנסט,
וואס קען עס דיר שאדען?

ערידאָן.

דאס האט זי שוין אָפט געפרעגט; אבער עס שאדעט מיר.

עגלע.

וואס? אמינע וועט קיין אנדערן ניט פיעל ערלויבען.

ערידאָן.

צו ווייניג צום פערדאכט, צו פיעל מען זאָל זי רעכענען פאר טריי.

עגלע.

מעהר ווי אירגענד א פרויען הארץ האט געליעבט, ליעבט זי דיך.

ערידאָן.

און ליעבט דעם טאנץ, לוסט, שפאס, פונקט ווי מיך.

עגלע.

ווער עס קען דאס ניט ליידען, מעג ליעבען אונזערע באבעס.

אמינע.

שווייג, עגלע, ערידאָן, הער אויף מיך צו ערגערן!
פרעג נאָר אונזערע פריינד, ווי איך דענק אָן דיר,
אפילו ווען ווייט פון דיר, ווען מיר האבען געשפאסט און געלאכט.
אָפט האב איך געהאט פערדרוס איבער דיר,
ווייל דו ביסט ביי מיר ניט געווען, דאך האב איך וועגען דיר געזאָרגט.
און ווען דו גלויבסט עס ניט, דאן קום היינט מיט מיר אהין

און זאָג מיר, אז איך בין דיר ניט טריי.
ווענסט זעהען, איך וועל טאַנצען בלויז מיט דיר, דיך ניט פערלאָזען,
דיך נאָר זאָל דיעזע האַנד אימער ארום נעהמען.
ווען מיין בענעהמונג גיט דיר די קלענסטע זאָרג —

## ערידאָן.

אז מען צווינגט זיך, בעווייזט נאָך ניט, אז מען ליעבט.

## עגלע.

זעה נאָר איהרע טרערען, זיי פליעסען פון דיינעטוועגען.
איך האב קיינמאָל ניט געדענקט, אז דו ביסט אזוי שלעכט.
די אונצופריעדענהייט, וואס האט קיין גרענעץ,
פערלאַנגט אימער מעהר, ווי מעהר מען גיט איהר נאָך.
דיך ריהרט ניט איהר ליעבע, ניט איהר שמערץ.
ווען עס וואָלט געווען ווי איך וויל, וואָלסטו זי ניט
מעהר געקענט ערגערן און בעטריעבען.
שווער פון דיר אוועקצוגעהען, דאָך שווערער דיך צו ליעבען.

## אמינע (פאר זיך).

אך, פאר וואס מוז מיין הארץ זיין אזוי פול ליעבע ?
ערידאָן (שטעהט אן אויגענבליק שטיל, דאן דערנעהנטערט ער זיך צו אמינע און כאפט זי אָן ביי דער האַנד :)
אמינע, ליעבעס קינד, קענסטו מיר פערצייהען ?

## אמינע.

אך, האב איך דיר עס ניט שוין אָפט בעוויעזען ?

## ערידאָן.

גרויסמיטהיגע, עדעלע, לאָז מיך פאַלען צו דיינע פיס !

## אמינע.

שטעה אויף, מיין ערידאָן !

עגלע.

יעצט פערדיענט ער ניט פיעל דאנק!
וואס מען פיהלט אזוי העפטיג, ליעבט מען ניט זעהר לאנג.

ערידאָן.

און דיעזע העפטיגקייט, מיט וועלכער איך פערעהרע זי?

עגלע.

וואָלט געווען פיעל בעסער זי זאָל ניט זיין אזוי גרויס,
איהר וואָלט געליעבט רוהיגער און פערשפּאָרט צרות.

ערידאָן.

זיי מיר נאָך יעצט מוחל, איך וועל שוין קליגער ווערען.

אמינע.

געה, ליעבער ערידאָן, פליק מיר אָן א בוקעט,
פון דיין האנד וועט ער מיר אם שעהנסטען פּאסען.

ערידאָן.

דו האָסט דאָך שוין די ראָזע?

אמינע.

לאמאָן האט זי מיר געגעבען.
זי פּאסט מיר שעהן.

ערידאָן (אויפגערעגט).

יא, יא —

אמינע.

דאָך, פריינד, גיב איך זי דיר,
כדי דו זאָלסט ניט זיין בייז.

ערידאָן (נעהמט זי און קושט איהר האנד).
באלד וועל איך ברענגען בלומען.

(אָב.)

# פיערטער אויפטריט

אמינע, עגלע, דערנאך לאמאן.

עגלע.

נוטהערציג, ארעם קינד, אזוי וועט עס דיר ניט געלינגען.
זיין שטאלצער הונגער וואקסט, וואס מעהר דו גיבסט איהם.
גיב אכטונג, צו לעצט רויבט ער פון דיר אלעם וואס דו ליעבסט.

אמינע.

איהם זאל איך נאר ניט פערליערען, דאס אליין וואלט מיך
געערגערט.

עגלע.

ווי שעהן, עס זעהט אויס, אז דו ליעבסט נאך ניט זייט לאנג.
אין אנפאנג געהט עס אזוי, מען גיט אוועק דאס הארץ,
אזוי דענקט מען ניט, וועז מען דענקט ניט אן געליעבטען,
א זיפצענדער ראמאן צו דיעזער צייט געלעזען,
ווי צערטליך איינער האט געליעבט, ווי טריי יענער איז געוועזן,
ווי געפיהלט האט יענער העלד, ווי גרויס אין דער געפאהר,
ווי מעכטיג ער איז געוועזן צום שטרייט דורך דער ליעבע.
דאס פערדרעהט אונז א קאפ, מיר גלויבען דאס צו געפינען,
מיר ווילען ניט זיין עלענד, מיר ווילען אלעם בעזיעגען.
א יונג הארץ נעהמט גרינג דער איינדרוק פון ראמאן;
א הארץ, וואס ליעבט, נעהמט איהם נאך לייכטער אן.

אזוי ליעבען מיר לאנג, ביז מיר צו לעצט ערפאהרען,
אז מיר, אנשטאט צו זיין טריי, זיינען מיר געוועזן נארען.

אמינע.

דאך איז עס ניט מיט מיר דער פאל.

עגלע.

יא, אזוי איז עס, אין דער היטץ זאגט
א קראנקער צום דאקטאר: „איך האב קיין פיעבער ניט.”
גלויבט מען עס איהם? ניין. כאטש אלע זיינע אנוועגדונגען
גיט מען איהם איין מעדיצין. אזוי מוז מען דיר אויך געבען.

אמינע.

פון קינדער רעדט מען אזוי, איבער מיר איז עס לעבערליך;
בין איך דען א קינד?

עגלע.

דו ליעבסט!

אמינע.

דו אויך!

עגלע.

יא, ליעב אויך ווי איך.
בערוהיג דעם שטורם, וואס האט דיך ביז אהער געטריעבען.
מען קען זיין רוהיג און דאך צערטליך ליעבען.

לאמאן.

אט איז דאס באנד.

אמינע.

זעהר שעהן!

עגלע.

ווי לאנג דו האסט דיך געזאמט!

לאַמאָן.

איך בין געגאַנגען בארג ארויף, האט מיך כלאָרים צוגערופען.
האב איך איהר געמוזט אויספוצען דעם הוט מיט בלומען.

עגלע.

וואס האט זי דיר דערפאר געגעבען?

לאַמאָן.

וואס? גאר ניט! זי האט זיך געלאָזט קושען.
זאָל מען טהון וואס מען וויל, פון א מיידעל
פאר אַלע ארבייטען קריעגט מען בלויז א קוש.

אמינע (ווייזט עגלע'ן דעם קראַנץ מיט דער שלייף:)

איז עס גוט אזוי?

עגלע.

יא, גיב נאָר אהער!

(זי הייננגט אויף אמינע'ן דעם קראַנץ, אז די שלייף קומט אויס ביים רעכטען שולטער. דערווייל רעדט זי מיט לאַמאָן:)

הער! היינט מוז מען לוסטיג זיין!

לאַמאָן.

בלויז היינט זאָל מען ליארמען! מען פיהלט נאָר א האַלבע פרייד
ווען מען פיהלט זיך פרום און מען איבערלעגט זיך לאַנג
אויב אונזער געליעבטע איז דאס, וואס מיר ווילען האבען.

עגלע.

האָסט רעכט.

לאַמאָן.

יא, געוויס.

עגלע.

אמינע, זעטץ דיך אניעדער.

(אמינע זעטצט זיך, עגלע שטעקט איהר אריין די בלומען אין די האָאר, און דאַן זאָגט זי:)

קום נאָר אהער, גיב מיר אָב דעם קוש פון דיין כלאָרים,

לאַמאַן (קושט זי),

פון גאַנצען הארצען. נא!

אמינע.

זייט איהר ניט מערקווירדיג?

עגלע.

ווען ערידאַן וואָלט אזוי געווען, וואָלט עס פאר דיר געווען א גליק.

אמינע.

געוויס, ער וואָלט אבער ניט געטאָרט קושען קיין פרעמד מיידעל.

לאַמאַן.

וואו איז די ראָזע?

עגלע.

זי האט איהם געמוזט געבען,
איהם צו בערוהיגען.

אמינע.

איך האב עס געמוזט טהון.

לאַמאַן.

גאַנץ רעכט, פערצייה איהם, וועט ער דיר פערצייהען.
איך זעה, איהר האט עפּעס ווי א וועטע זיך צו פּלאגען.

עגלע (אלס א צייכען, אז זי איז פארטיג מיט דעם קאָפּ־פּוטץ:)

אָט אזוי!

לאמאָן.

שעהן!

אמינע.

אך! ווען איך וואָלט שוין יעצט די בלומען געהאט,
וואס ערידאָן דארף מיר ברענגען!

עגלע.

ערוואַרטע איהם נאָר דאָ,
איך געה מיך אָנטהאָן. קום לאַמאָן מיט מיר!
מיר לאָזען דיך אליין, באלד זיינען מיר צוריק.



# פינפטער אויפטריט

א מ י נ ע  דערנאך  ע ר י ד א ן.

אמינע.

אך, וואס פאר א צערטליכקייט, בענײדענווערטהעס גליק!
ווי ווינש איך — עס זאל נאר אין קרעפטען שטעהען,
צו זעהען ערידאן צופריעדען און מיך גליקליך!
ווען איך וואלט איהם ניט אזוי פיעל מאכט איבער מיר געגעבען,
וואלט ער און איך צופריעדענער און גליקליכער געלעבט.
זאל איך פּרובירען דיעזע מאכט אוועקנעהמען דורך קאלטקייט?
ווי וועט דאן זיין כעס אויפגליהען פון מיין בענעהמונג!
איך קען זיין צארן, איך ציטער פאר איהם!
ווי שלעבט, מיין הארץ, ווערסטו שפּיעלען די שווערע ראלע.
אבער דאך, ווען איך זאל עס קענען ברענגען אזוי ווייט ווי מיין פריינדין,
ווייל ער האט מיך אמאל בעזיעגט, זאל איך איהם ווייטער בעצוואנגען —
היינט איז די געלעגענהייט! מען טאר זי פארביי געהען לאזען.
טאקי שוין אנהייבען — ער קומט! מיין הארץ, פאס מוטה!

ערידאן (גיט איהר בלומען).

זיי זיינען אפילו ניט זעהר שעהן, מיין קינד, פערצייה עס מיר, פון איילעניש האב איך זיי געמוזט נעהמען ווי זיי זיינען.

אמינע.

גענוג, זיי זיינען פון דיר.

ערידאָן.

זיי זיינען ניט אזוי בליהענד ווי יענע ראָזען זיינען געוועזן,
וואס לאַמאָן האט פון דיר געקליבט.

אמינע (שטעקט זיי איין אין בוזים).

איך וועל שוין אַכטונג געבען אויף זיי.
דאָ, וואו דו וואוינסט, זאָלען אויך די בלומען וואוינען.

ערידאָן.

זיינען זיי דאָרט זיכער —

אמינע.

גלויבסטו אפשר ניט?

ערידאָן.

ניין!
איך גלויב ניט, מיין קינד, נאָר מורא איז עס וואס איך פיהל.
דאס בעסטע הארץ פערגעסט ביי פרעהליכער שפּיעלעריי,
ווען עס צושטרייט די טאַנץ־לוסט, דעם ליאַרם פון יום־טוב,
פערגעסט וואס די חכמה ראטה און וואס די פליכט פאָדערט.
מעגסט אפילו פון מיר דענקען ביים פערגניגען;
דאָך פעהלט עס דיר אָן ערנסט די פרייהייט איינצוציהען,
צו דעם וואס יונגע לייט רעכענען, אז זיי זיינען בערעכטיגט,
ווען א מיידעל ערלויבט איהם נאָר עפּעס אין שפּאס.
איהר נאַרישער שטאָלץ און שפּיעלענדעס פערגניגען
פיהרט זי זעהר לייכט צו נאַררישקייט.

אמינע.

גענוג, אז די יונגע לייט נאַררען זיך!
אמת, עפּעס א זיפצענדער פערליעבטער יונגער מאַן קומט נעבען
מיר;
דאָך האָסטו אליין מיין הארץ, און וואס נאָך ווילסטו מעהר?
מעגסט דאָך מיר ערלויבען כאָטש צו קוקען אויף אַן אנדערן,
זאָלען זיי גלויבען וואס זיי ווילען —

ערידאַן.

ניין, זיי טאָרען גאָר ניט גלויבען!
דאס איז עס וואס ערגערט מיך, כאָטש איך ווייס דו ביסט מיינע;
איינער קען דענקען צו זיין אזוי גליקליך ווי איך,
קוקט דיר אין די אויגען און איז פארטיג דיך צו קושען
און טריומפירט אין הארצען. אָט, אָט נעהמט ער דיך אוועק.

אמינע.

אויב אזוי, געליעבטער, שטער דעם טריומף! קום מיט מיר,
זאָלען זיי זעהען מיט וויפיעל העכער דו שטעהסט.

ערידאַן.

דערפאר דאנק איך דיר.
עס וועט זיין גרויזאם אָנצונעהמען דעם קרבן.
מיין קינד, דו וועסט דיך שעהמען מיט'ן שלעכטען טענצער.
איך ווייס, וועמען אייער שטאָלץ ליעבט ביים טאנצען:
יענעם, וואס טאנצט שעהן, ניט יענעם, וואס מעהר ליעבט.

אמינע.

דאס איז דער אמת.

ערידאַן (מיט איינגעהאלטענעם שפּאָט:)

אַך, אז מיך האט גאָט ניט בעשאָנקען מיט דער מתנה
פון דעם לייכטען דאמארעס, דער פיעל־געליעבטער,
ווי פּרעכטיג ער טאנצט דאס!

אמינע.

שעהן, אז קיינער קען זיך צו איהם ניט גלייכען!

ערידאַן.

און יעדעס מיידעל —

אמינע.

שעטצט —

ערידאַן.

ליעבט איהם דערפאר!

אמינע.

פיעללייכט.

ערידאָן.

פיעללייכט? פערפלוכט! געוויס!

אמינע.

וואס מאכסטו פאר א משונה'דיגע האוואיעס?

ערידאָן.

פרעגסט? פלאגסטו מיך ניט? איך קען דאָך משוגע ווערען.

אמינע.

איך? זאָג, ביסטו ניט שולדיג אין דיינע און מיינע ליידען?
גרויזאמער ערידאָן! ווי קען עס א מענש אזוי זיין?

ערידאָן.

איך מוז; איך ליעב דיך. די ליעבע לערנט מיך קלאָגען;
ווען איך וואָלט דיך ניט אזוי געליעבט, וואָלט איך דיך ניט אזוי געפּלאגט.
איך פיהל מיין צערטליך הארץ פון גליק ענטציקט,
ווען דיין אויג לאכט, ווען דיין האנד דריקט מיך,
איך דאנק דאן די געטער, וואס זיי האבען מיר געגעבען אזא גליק.
דאָך פערלאנג איך עס אליין, מיט קיין אנדערן דאס טהיילען.

אמינע.

גוט, וואס'זשע ווילסטו? קיין אנדערער קען עס האבען.

ערידאָן.

דו ליידסט זיי דאָך; גיין, האסען זאָלסטו זיי!

אמינע.

זיי האסען? ווארום?

ערידאָן.

ווייל זיי ליעבען דיך!

אמינע.

א שעהנע אורזאכע!

ערידאָן.

איך זעה עס, דו ווילסט זיי ניט בעטריעבען,
דו מוזט זיי שוינען, זאָנסט ווערט דיין לוסט אָבגעשוואכט,
ווען דו זאָלסט ניט —

אמינע.

ערידאָן, דו ביסט זעהר אונגערעכט.
הייסט אונז דען די ליעבע פערלאָזען די מענשליכקייט?
א הארץ, וואס ליעבט איינעם, קען קיינעם ניט האסען.
דיעזעס צערטליכע געפיהל, לאָזט ניט צו אזא שרעקליכעס,
וועניגסטענס ניט ביי מיר.

ערידאָן.

ווי שעהן דו פערטהיידיגסט דאס האָכמוטהיגע
פערגניעגען פון דעם צערטליכען געשלעכט,
ווען צוואנציג נאררען קניען, אלע צוואנציג צו בעטריעגען!
היינט איז א גרויסער טאָג, וואס דערהייבט דיין האכמוטה,
היינט וועסטו מאנכע זעהען, וואס עהרען דיך אלס געטין.
מאנכעס יונגע הארץ וועט זיך אָן דיר אָנצינדען,
אויב דו וועסט נאָר געגוג בליקען האבען פאר אלע דיענער.
געדענק נאָר אָן מיר, ווען די נאראָנים רינגלען דיך ארום.
איך בין דער גרעסטער — געה!

אמינע (פאר זיך:)

אוועק, דו שוואכעס הארץ, איידער ער זיעגט!
אך, געטטער, איז ער דען צוליעב דעם מיין גאנצע לוסט צו רויבען?
קען עס גאָר קיינמאָל קיין סוף ניט נעהמען פון אזא לעבען!

(צו ערידאָן:)

דעם לייכטען באַנד פון דער ליעבע, מאַכסטו פאר א שווערען יאָך,
קוועהלסט מיך אלס טיראַן, און איך ליעב דיך דאָך!
מיט דער גרעסטער צערטליכקייט ענטפער איך אויף דיין צאָרן,
צו אַלעמען גיב איך נאָך; דאָך ביסטו ניט צופריעדען.
איך בין אַלעס מקריב, פאר דיר איז עס ניט גענוג.
ווילסט די היינטיגע לוסט, גוט, דאַ האָסטו זי.

(נעהמט די קרענץ פון די האאר און פון די שולטער, ווארפט זיי אוועק, און פערבלייבט אין א געצוואונ־גענעם רוהיגען טאָן.)

ניט וואהר, מיין ערידאָן, אָט אזוי האָסטו מיך ליעבער,
ווי צו זעהען אויסגעפּוצט צום יום־טוב. איז ניט דיין צאָרן פאַראיבער?
פאר וואס קוקסטו ניט אויף מיר? ביסטו אין כעס?

ערידאָן (פאַלט פאר איהר:)

אמינע! שאַנדע און חרטה! זיי מיר מוחל!
געה צום אונטערהאַלט!

אמינע.

מיין פריינד, איך בלייב מיט דיר;
א צערטליכעס געזאנג זאָל אונז פערטרייבען די צייט.

ערידאָן.

געליעבטעם קינד, געה!

אמינע.

געה, ברענג אהער דיין פלאָטע!

ערידאָן.

ווען דו ווילסט עס.

(אָב.)

---

# זעקסטער אויפטריט

## אמינע.

ער שיינט בעטריעבט, נאָר אין געהיים פרייט עס איהם.
אומזיסט איז עס צו פערלירען צערטליכקייט איבער איהם.
ריהרט איהם דיעזעס אָפּפער? ס'הייבט זיך גאָר ניט אָן!
ער האַלט עס פאר שולדיגקייט. וואס ווילסטו, ארעמעס הארץ?
פּראָטעסטירסט, דריקסט דיעזע ברוסט. פערדיען איך דיעזען שמערץ?
נעווים פערדיענסטו איהם. דאָך צו בעטריעבען הערט ער ניט אויף
און דאָך הערסטו ניט אויף איהם צו ליעבען.
לאַנג וועל איך עס ניט אריבערטראָגען. שטיל, האַ, איך הער עפּעס.
שוין די מוזיק! מיין הארץ שפּרינגט, מיין פּוס וויל אוועק.
איך וויל! וואס דריקט מיר אזוי די ברוסט צוזאמען?
ווי וועה דאס טהוט מיר, עס ברענען העפטיגע פלאַמען
ביים הארצען! אוועק, צום אונטערהאַלט! אָך, ער האַלט מיך צוריק!
ארעמעס מיידעל, אָט דאס איז דער ליעבע'ס גליק!

(ווארפט זיך אויף א סאָפא און וויינט; ווען די אנ־דערע קומען אריין, ווישט זי זיך אויס די אויגען און שטעהט אויף:

וועה מיר, זיי קומען! ווי זיי וועלען פון מיר הוזק מאַכען!

# זיעבּעטער אויפטריט

א מ י נ ע, ע ג ל ע, ל אַ מ אָ ן.

עגלע.

געשווינד! אַלע געהען שוין אוועק! וואס, אמינע, אין טרערען?

לאַמאָן (הייבּט אויף די קרענץ:)

די קרענץ?

עגלע.

וואס איז דאס? ווער האט זיי דיר אראָבגעריסען פון קאָפּ?

אמינע.

איך!

עגלע.

וואס'זשע, ווילסטו ניט מיטגעהען?

אמינע.

געוויס, הלואי וואָלט עס מיר נאָר ערלויבט געווען.

עגלע.

ווער דאַרף דיר דען עפּעס ערלויבען? זאָג!
זיי ניט אזוי געהיימניספאָל! פאר אונז זיי ניט נאַריש.
האט אפשר ערידאָן?

אמינע.

יא, ער!

### עגלע.

דאס האב איך געטראכט.
דו נאַר, ווען וועסטו שוין קליגער ווערען?
האָסטו איהם אפשר צוגעזאָגט מיט איהם צו בלייבען,
אום דיעזען שעהנעם טאָג צו פערברענגען אין זיפצען?
איך צווייפעל ניט, אז דו געפעלסט איהם פונקט אזוי.

(נאָך א פויזע, וועהרענד זי גיט לאמאַן א ווינק:)

דאָך, דו זעהסט בעסער אויס מיט דעם קראַנץ.
קום, טהו איהם אָן, און דעם היינג אויף דיר אריעבער!
יעצט ביסטו שעהן!

(אמינע שטעהט מיט ארונטערגעלאָזענע אויגען און לאָזט עגלע'ן טהון וואס זי וויל. עגלע גיט לאמאַן א צייכען:)

דאָך, אַך, די צייט געהט אוועק!
איך מוז שוין געהען!

### לאמאַן.

יא, מיין קינד, דאָ שטעהט דיין דיענער!

### אמינע (געערגערט:)

געהט געזונדערהייט!

### עגלע (אוועקגעהענדיג:)

אמינע, געהסטו ניט מיט? קום, געשווינד!

### אמינע.

(קוקט זי אָן טרויעריג און שווייגט.)

### לאמאַן.

(נעהמט אָן עגלע'ן ביי דער האַנד זי אוועקצופיהרען:)

אָך, לאָז זי נאָר געהן! פאַר בייזקייט וואָלט איך געשטאָרבען.
דאס וועט אונז היינט נאָך פערדארבען דעם שעהנעם טאַנץ.

דער טאנץ מיט רעכטס און לינקס, וואס זי אליין קען איהם,
ווי עס געהערט צו זיין; איך האב אויף איהר געהאפט, איצט
בלייבט זי אין דער היים! קום, איך וויל זי מעהר ניט זעהען.

עגלע.

פערזאמסט דעם טאנץ! ביסט צום בעדויערן.
עס טאנצט זיך אזוי שעהן. זיי געזונד.

(עגלע וויל קושען אמינע'ן. אמינע פאלט
איהר אויפ'ן האלז און וויינט.)

אמינע.

איך קען עס ניט מעהר דערטראגען.

עגלע.

דו וויינסט?

אמינע.

אזוי וויינט מיין הארץ און עס דריקט מיך שרעקליך.
איך וואלט — ערידאן, איך גלויב, איך האס דיך!

עגלע.

ער האט עס פערדיענט. דאך ניין, ווער וועט א געליעבטען
האסען?
דו מוזט איהם ליעבען, אבער איהם ניט לאזען הערשען.
דאס האב איך שוין לאנג געזאגט. קום מיט!

לאמאן.

צום טאנץ! צום פעסט!

אמינע.

און ערידאן?

עגלע.

געה נאר. איך בלייב. וועסט זעהען, ער וועט זיך
נאך לאזען פאנגען און מיטגעהען. וועט עס דיך פרייען?

אמינע.

זעהר!

לאמאָן.

אויב אזוי, קום. הערסטו דאָרט די פיעדלען
שפיעלען די שעהנע מעלאָדיע?

(נעהמט אָן אמינע'ן ביי דער האנד,
זינגט און טאנצט.)

עגלע (זינגט:)

און ווען אויף דער געליעבטער מיט אייפערזוכט פלאגט,
האלט אין איין מאהנען, טאָג אזוי נאכט קלאָגט,
ער הייסט אויף פערלאָזען מוטער און פאטער,
דאן טאנצט און זינגט, הערט איהם ווי דעם קאָטער!

(לאמאָן, טאנצענדיג, שלעפט אוועק אמינע'ן.)

אמינע (אבגעהענדיג.)

אך, ברענג איהם מיט מיט דיר!



# אכטער אויפטריט

עגלע. דערנאָך ערידאָן מיט א פלעטע און נאָטען.

עגלע.

שוין גוט, מיר וועלען זעהען! שוין לאַנג האב איך מיר געוואונשען
צו האבען די געלעגענהייט צו בעקעהרען דעם פאַסטוך.
היינט ווערט ערפילט מיין וואונש. ווארט נאָר, איך וועל דיך לערנען!
דיר ווייזען ווער דו ביסט, און ווען דו ועסט זי נאָך פלאַגען,—
אך, ער קומט! הע, ערידאָן!

ערידאָן.

וואו איז זי?

עגלע.

וואס'זשע, דו פרעגסט נאָך?
דאָרט איז זי מיט מיין לאַמאָן ביי דער מוזיק.

(ווארפט אוועק די פלעטע אויף דער ערד און צורייסט די נאָטען.)

פערפלוכטע אונטרייהייט!

עגלע.

ביסט טאַקי אין כעס?

ערידאָן.

ווי זאָל איך ניט זיין אין כעס!
די פאַלשע, מיט א פרעהליכען פנים האט ארונטערגעריסען
די קרענץ פון דעם קאָפּ און געזאָגט: „איך טאַנץ ניט!"
האב איך זי דען געבעטען? און — אך!

(ער קלאפט מיט'ן פוס און שלײַדערט אוועק די
צוריסענע נאָטען.)

עגלע (גאַנץ רוהיג:)

ערלויב מיר דאָך צו פרעגען:
וואס פאר א רעכט האָסטו איהר צו שטערען דעם טאַנץ?
ווילסטו דען, אז דאס הארץ וואס איז פול מיט דיין ליעבע
זאָל שוין פאר קיין אַנדער גליק קיין פּלאַטץ ניט האבען?
מיינסטו, אז מען טויטעט שוין די גאַנצע לוסט ווי באלד
די צערטליכקייט פיללט נאָר אוים א מיידעל'ס ברוסט?
עס איז גאַנץ געגוג, ווען זי שענקט דיר די בעסטע שטונדען,
פערווייַלט מיט דיר אָם ליעבסטען, דענקט איבער דיר אימער.
דארום, פריינד, איז עס נארישקייט אייביג צו מאַטערן;
זי קען ליעבען אויסער דיך אויך דעם טאַנץ און דאס שפּיעלען.

ערידאָן (פערלעגט די ארעמס:)

אך!

עגלע.

זאָג מיר, מיינסטו טאַקי, אז דאס איז ליעבע?
ניין, עס איז בלויז א שווערע שקלאַפעריי!
דו קומסט, פערלאַנגסטו זי זאָל דיך אליין זעהן;
דו געהסט, זאָל זי גלייך מיט דיר מיטגעהען.
צעגערט זי, ווערט דיין בליק באלד פינסטער.
געהט זי דיר נאָך, בלייבט איהר הארץ אָפּט צוריק.

ערידאָן.

אזוי איז עס?

### עגלע.

מען הערט דאָך, ווען די פערביטערונג רעדט,
וואו עס איז ניטאָ קיין פרייהייט, ווערט די לוסט געטויטעט.
אזוי זיינען מיר שוין, א קינד איז געניינט צום געזאַנג.
זינגט מען איהם: „זינג מיר דאָך!" ווערט עס אנטשוויעגען.
ווען דו גיבסט איהר די פרייהייט, וועט זי דיך ניט פערלאָזען.
דאָך פערביטערסטו זי. פּאַס אויף, זי וועט דיך האַסען.

### ערידאָן.

מיך האַסען?

### עגלע.

ווי דו פערדיענסט. פערליר ניט די געלעגענהייט
און פערזיכער דיך יעצט מיט דיין גליק לויט וואהרער ליעבע.
א צערטליכעס הארץ, וואס ווערט געטריעבען פון אייגענעם פייער
קען זיין שטאַנדהאַפט, קען ווירקליך ליעבען.
זיי מודה, איז דיר דער פויגעל געטריי,
ווען דו האַלטסט פערשלאָסען אין שטייגעל?

### ערידאָן.

ניין!

### עגלע.

ווען ער זאָל אבער זיין פריי
פליהען דורך פעלד און וואלד און דאַן צוריק קומען?

### ערידאָן.

יא, גוט, דאָס וויים איך.

### עגלע.

ווערט ניט דיין לוסט פערמעהרט,
ווען דו זעהסט די חיה'לע, וואס ליעבט דיך אזוי צערטליך?
וועלכעס קען די פרייהייט און ליעבט דיך אלץ מעהר פון אלעם?

ווען די מיידעל קומט אמאל פון אן אונטערהאלט,
בעוועגט נאך דעם טאנץ און זוכט דיך; איהרע בליקען
פערראטהען באלד, אז איהר פערגניגען איז ניט געווען
פאלקאמען, ווייל דו ביסט דערביי ניט געווען.
ווען זי דיר שווערט, אז איין קוש פון דיר האט מעהר ווערטה
ווי טויזענד אונטערהאלטונגען, דארף מען דיך ניט מקנא זיין?

ערידאן (געריהרט:)

אך, עגלע!

עגלע.

ציטער ווען דער צארן פון די געטטער צינדט זיך אן,
ווייל דער גליקליכסטער ווייסט ניט וואס שפעטער וועט זיין.
גענוג, פריינד, זיי צופריעדען! די געטטער זיינען זיך
אפט נוקם פאר די טרערען פון א פערליעבטעם מיידעל.

ערידאן.

איך זאל מיך נאר קענען צוגעוועהנען,
צו זעהען, ווי אנדערע דריקען איהרע הענד ביים טאנץ,
ווי איינער ווינקט צו איהר, דער אנדערער קוקט צו איהר.
ווען איך דענק נאר אן דעם, וויל מיין הארץ צופלאצט ווערען.

עגלע.

זאל אלעס געהען, מאך דיר ניט דערפון,
אפילו א קוש האט אויך קיין בעדייטונג.

ערידאן.

וואס זאגסו? אפילו א קוש?

עגלע.

ביז דאס הארץ פיהלט ניט, האט דער ליפען־דרוק
קיין בעדייטונג. דאך, ווילסטו איהר פערצייהען?
ווייל, ווען דו ביסט בייז, קען זי קיין הנאה ניט האבען.

ערידאָן.

אַך, פריינדין!

עגלע (שמייכלענדיג:)

זיי רוהיג. אין אמת'ן ביסטו דאָך אַ גוטער.
לעב וואָהל!

(נעהמט איהם אָן ביי דער האנד:)

ווי דו ביסט דערהיצט!

ערידאָן.

אין מיר קאָכט מיין בלוט!

עגלע.

נאָך אַלץ פאר כעס? גענוג, האסט איהר שוין מוחל געווען.
איך לויף יעצט צו איהר. זי וועט ציטערענדיג פרעגען נאָך דיר.
איך וועל איהר ענטפערן: „ער איז גוט!" און זי וועט רוהיג זיין
איהר הארץ וועט ווערען צערטליכער און הייסער וועט זי דיך
ליעבען.

(קוקט אויף איהר געריהרט:)

פּאַס אויף, נאָך דעם אונטערהאַלט, זוכט זי דיך אויף,
און דורך דעם זוכען אליין וועסטו איהר אימער ליעבער ווערען.

(עגלע ווערט אַלץ צערטליכער, לעהנט זיך אויף
זיינע שולטער. ער נעהמט איהר האנד
און קושט זי.)

ענדליך וועט זי דיך זעהען! וואס פאר אַ מאָמענט!
דריק זי צו דיין ברוסט און פיהל דאס גאַנצע גליק!
אַ מיידעל ווערט ביים טאַנץ שעהנער, רויטע באַקען,
אַ מויל, וואס הויכט מיט שמייכלען, די לאָקען הענגען
ארונטער איבער דער שטירמישער ברוסט, אַ זאַנפטער רייץ
נעהמט ארום דעם קערפּער, ווי ער פליהט אין טאַנץ,
די פולע אָדערן גליהען און וועהרענד דער קערפּער שוועבט,
שיינט יעדער נערוו לעבעדיגער זיך צו בעוועגען.

(זי מאַכט זיך זעהר ענטציקט און פאַלט אויף
זיין ברוסט, ער נעהמט זי ארום.)

אַך, ווי ערהאבען דאס איז ווען מען איז דערביי.
דו געהסט אבער ניט אהין און קענסט עס ניט זעהען.

ערידאַן.

אַן דיין ברוסט, פריינדין, פיהל איך זי!

(ער פאַלט עגלע'ן אויפ'ן האַלז און קושט זי, זי
לאָזט זיך. דאַן געהט זי איינינגע שריט צוריק און
פרעגט איהם מיט א טרוקענעם טאָן:)

ליעבסטו אמינע'ן?

ערידאַן.

אזוי ווי מיך אליין!

עגלע.

דאַך קענסטו מיך קושען?
ווארט נאָר, פאר דיעזער פאַלשקייט זאָלסטו בעצאָהלען!
דו אונגעטרייער מענש!

ערידאַן.

וואס? גלויבסטו דען, אז איך —

עגלע.

איך גלויב וואס איך קען. מיין פריינד, האָסט מיך געקושט
גאַנץ צערטליך נאַך דערצו. איך בין דערמיט צופריעדען.
שמעקט דיר מיין קוש? איך דענק עס, די הייסע ליפּען גליהען
נאָך
און ווילען מעהר. ארעמע אמינע, ווען דו וואָלסט דאָ געווען!

ערידאַן.

וואָלט זי געווען!

עגלע.

אַלץ טראַטצען! א שעהן פנים וואָלסטו געהאַט!

ערידאָן.

אמת, זי וואָלט געשטורמט. מוזט מיך אבער ניט פערראַטהען.
דיך האב איך געקושט, וואס קען עס איהר שאדען?
און ווען אמינע זאָל מיך נאָך ווי רייצענד קושען,
טאָר איך ניט פיהלען, אז דיין קוש איז אויך רייצענד?

עגלע.

פרעג זי אליין!



# לעצטער אויפטריט

**א מ י נ ע, ע ג ל ע, ע ר י ד א ן.**

### ערידאַן.

וועה מיר!

### אמינע.

איך מוז, איך מוז איהם זעהען!
געליעבטער ערידאַן, עגלע האָט מיר געהייסען געהן.
איך האב געבראָכען מיין וואָרט, האב חרטה, איך געה ניט מעהר!

### ערידאַן (פאר זיך:)

איך פאַלשער!

### אמינע.

ביסטו אין כעס? ווענדסט אָב דיין פּנים?

### ערידאַן (פאר זיך:)

וואס זאָל איך זאָגען?

### אמינע.

אך! זי איז שולדיג,
דו, ערידאַן, ביסט גערעכט!
דאָך לאָז —

### עגלע.

לאָז איהם געהן! ער האָט מיך נאָר וואָס געקושט;
דאס שמעקט איהם זעהר גוט.

אמינע.

געקושט!

עגלע.

גאנץ צערטליך!

אמינע.

אך, דאס הייסט,
צופיעל פאר מיר — אזוי גיך קענסטו מיך האסען?
איך אונגליקליכע! מיין פריינד האט מיך פערלאָזען!
ווער עס קושט פרעמדע מיידלעך, וויל זיינע מעהר ניט קענען.
זייט איך האב דיך געליעבט, האב איך אזא זאך געטהאָן?
קיין בחור האט מיינע ליפען ניט בעדארפט בעריהרען,
אפילו ווען איך האב בעדארפט געבען א קוש ביים שפיעלען.
מיך נאָגט די אייפערזוכט פונקט אזוי גוט ווי דיך.
דאָך פערצייה איך דיר, ווענדע דיך נאָר צו מיר.
דו, ארעמעס הארץ, עס העלפט מעהר קיין זאך,
די ליעבע איז פערשוואונדען, זייט איך האב איהם בעליידיגט.

ערידאָן.

וואס פאר א צערטליכקייט! ווי זי פערשעהמט מיך!

אמינע.

פריינדין! האָסטו געקענט מיין פריינד פערפיהרען?

עגלע.

זיי רוהיג, וועסט איהם נאָך ניט פערלירען.
איך קען ערידאָן און ווייס ווי געטריי ער איז דיר.

אמינע.

און האט —

עגלע.

דאס איז אמת, ער האט מיך דאָך געקושט.
איך ווייס ווי עס איז געשעהען, זיי איהם מוחל.
זעה ווי ער האט חרטה.

עריד͏אָן.

(פאלט פאר אמינע׳ן:)

אמינע, געליעבטע מיינע!
זיי ניט בייז, זי האט זיך געמאַכט אזוי שעהן!
בין געוועזן אזוי נאָהענט צום מויל, און ניט געקענט אויסהאַלטען.
קענסט אבער מיין הארץ, מעגסט מיר הייליג גלויבען,
אז אזא קליינע לוסט וועט מיין ליעבע ניט אוועקרויבען.

עגלע.

אמינע! קוש איהם, ווייל ער רעדט אזוי שכל׳דיג.

(צו ערידאָן:)

לוסט רויבט ניט דיין ליעבע און אויך ניט איהרע.
אזוי, פריינד, מוזט דיין אייגענעם אורטהייל אויסשפּרעכען,
זעהסט, ליעבט זי דעם טאַנץ, איז דאס קיין פערברעכען.

(איהם נאָכקרימענדיג:)

„איך זאָל מיך נאָר קענען צוגעוועהנען,
„צו זעהען ווי אנדערע דריקען איהרע הענד ביים טאַנץ,
„ווי איינער ווינקט צו איהר, דער אַנדערער קוקט צו איהר.
„ווען איך דענק נאָר אָן דעם, וויל מיין הארץ צופּלאַצט ווערען.״

אמינע.

קומט צום אונטערהאַלט!

ערידאָן.

איך געה!
א קוש האט מיך אויסגעלערענט.

עגלע (צו אמינע׳ן:)

פערצייהה אונז דיעזען קוש!
זאָל די אייפערזוכט וויעדער צו איהם צוריקקעהרען,
דאַן דערמאָהן איהם נאָר אָן דיעזען קוש.
איהר אייפערזיכטיגע, וואס פּלאַגט ארעמע מיידלעך,
דערמאָהנט זיך אָן אייערע אייגענע חסרונות און שווייגט!

ע נ ד ע.

---

# די וועטטע

שוישפיעל אין איין אקט.

---

טעפליטץ, ענדע יולי, 1812.

פערזאנען:

| | |
|---|---|
| דארן, | פערסטער, |
| עדואַרד, | לעאָנאָרע, |
| פריעדעריקע. | יאהאַנן, |

# ערשטער אויפטריט

**דאָרן נאכהער פערסטער.**

דאָרן.

איך האב עס געזאָגט, און עס איז שוין אויך לאנג בעקאנט, אז מען קען א זאך גאנץ גרינג אונטערנעהמען און דערנאָך אויספיהרען מיט גרויסער שוועריגקייט. העלפט עס עפּעס, אז מען דענקט און מען רעדט שכל'דיג? יעצט לאָז איך מיך ווידער אריין אין א האנדעל, וואס שטעלט מיך אויף משקולת. אין דער שעהנסטער צייט פון יאהר פערלאָז איך מיין לאנד, וואוינונג, און לויף אין שטאדט אריין, ווערט מיר לאנגווייליג — לויף איך ווידער אהער. זעה איך מיר דורך די פענסטער פון דיזען שלעכטען ווירטהסהויז מיין שלאָס, מיינע גערטנער, און איך טאָר אהין ניט קומען. עס זאָל נאָר דאָ ניט ווערען אונבעקוועם! יעדער שטוהל, אויף וועלכען איך וויל מיך זעטצען, וואקעלט זיך. איך געפין קיין האקען פאר מיין הוט און קוים טרעף איך א ווינקעל פאר מיין שטעקען. אבער דאס אלעס וואָלט מיך שוין ניט געקימערט, ווען איך זאָל נאָר אויספיהרען וואס איך וויל, און דאס יונגע פּאארעל זאָל זיין גליקליך.

פערסטער (פון דרויסען).

קען מען ארונטערקומען? איז קיינער פון הויז ניטאָ?

דאָרן.

הער איך ריכטיג? פערסטער? דאָ געפין איך כאָטש איין חבר אין מיין פריקרע לאגע.

פערסטער (אריינקומענדיג:)

דאָרן! איז דאס מעגליך? ביסטו דאס? פאר וואס ביסטו ניט אין שלאָס? וואס איז עפּעס דאָ אין אווירטהסהויז? מען האט מיר געזאָגט, אז דו ביסט אין שטאדט. אין דיין שלאָס האב איך געטראָפען אלעס איינזאם און אומעטיג.

דאָרן.

ניט אזוי אומעטיג ווי דו רעכענסט. די געליעבטע זיינען דאָרט.

פערסטער.

ווער?

דאָרן.

לעאָנאָרע און עדוארד.

פערסטער.

די צוויי יונגע מענשען? צוזאמען?

דאָרן.

צוזאמען אדער געשיעדען, ווי דו ווילסט.

פערסטער.

ערקלער מיר דאס רעטענעש.

דאָרן.

הער אלזאָ, דאָ האנדעלט זיך וועגען א וועטטע: זיי מוזען איבערשטעהען א פּראָבע, וואס זאָל בעפעסטיגען זייער קינפטיגעס גליק.

פערסטער.

מאכסט מיך אלץ נייגיעריגער.

דאָרן.

עדוארד און לעאָנאָרע ליעבען זיך. איך ווידער האב טאקי געוואָלט עס זאָל אזוי זיין און זיי ערמוטהיגט, ווייל אַן ענגערע פערבינדונג וועט מיר זיין זעהר ווילקאָמען.

פערסטער.

איך האב שוין לאנג געזאגט, אז עס איז א פאסענדעס פאארעל.

דארן.

עדוארד איז אן עדעלער יונגערמאן, פול מיט גייסט און פעהיג־קייט; ער איז זעהר געבילדעט, האט א גוטעס הארץ, א לעבהאפטעס געפיהל, דערפאר אבער איז ער אביסעל א פלוט און האט אייגענע אידעען.

פערסטער.

מוזט אבער מודה זיין, אז דיעזע צוזאמענמישונג מאכט פון איינעם א גאנץ וואוילען יונגען מאן.

דארן.

מיר האבען אויך אזוי גערעכענט. לעאנארע איז זאנפט און גע־פיהלפאל, דערביי טהעטיג, א ווירטהין, דאך דערביי האט זי אביסעל נארישען שטאלץ; זי ליעבט איהם אויפריכטיג, פון דעסטוועגען לאזט זי נאך אמאל איבער פלאטץ פאר אביסעל משוגעת; זי ווייזט ארויס א מין אנגעברוגז'קייט, וואס שטימט גאר ניט מיט עדוארד'ס האס־טיגקייט, און דערפאר איז צווישען זייער ליעבעס־צייט ארויסגעקומען אפטער כעס, ברוגז און געגענזייטיגע אונצופריעדענהייט.

פערסטער.

נאך דער חתונה פערגעהט עס.

דארן.

איך האב געוואלט עס זאל זיך פריהער פערגעהען, און דערפאר בין איך עס דא. אפטמאל האב איך זיי אויפמערקזאם געמאכט אויף זייערע חסרונות און איך האב פערלאנגט, אז יעדער זאל פון זיין זייט אביסעל נאכגעבען, און אזוי וועלען זיי זיך קענען אויסגלייכען. אבער איך האב געפרעדיגט אין א מדבר. דאך האב איך ניט געקענט פועל'ן ביי מיר צו שווייגען און איך האב זיי געמוזט דאסזעלבע נאך אמאל און נאך אמאל זאגען. פאראכט־טאגען, ווען איך האב זיי גע־

טראָפּען האַרטנעקיגער ווי תמיד, האב איך זיי נאָך אַמאָל ערקלערט, ווי מיאוס זייער בענעהמונג איז, ווייל, ווי עס שיינט, קענען זיי איינע אָהן אַנאַנדער ניט זיין. דאס האט זיי אביסעל פּערדראָסען, און זיי האבען געזאָגט, אז זיי קענען גאַנץ גוט עקזיסטירען איינער אָהן דעם צווייטען און יעדער קען זיך לעבען פאר זיך בעזונדער.

פּערסטער.

אזעלכע שמועסען קומען אָפּט פאָר, אבער מען פיהרט עס ניט אוים לאַנג.

דאָרן.

אזוי האב איך אויך געמיינט, געשפּאַסט דאריבער, געסטראָשעט צו שטעלען זייער נייגונג אויף דער פּראָבע, אום צו זעהען ווער עס וועט וועמען צום ערשטען אויפזוכען; און זיך דעם אַנדערן צום ערשטען דערנעהנטערן. דאָ זיינען זיי ביידע ארויסגעשפּרונגען מיט זייערע נאַררישקייטען און מיך פערזיכערט יעדער בעזונדער, אז זיי קענען זיין די שטאַרקסטע.

פּערסטער.

ווערטער, בלויז ווערטער.

דאָרן.

אום צו ערפאהרען אויב דאס האט עפּעס א ממשות, האב איך זיי געמאַכט אזא פּאָרשלאַג: „הערט חברה," האב איך געזאָגט, „איהר קענט ביידע בעוואוינען די צוויי צימערן, וואס שטעהען איינע נעבען אַנאַנדער, עס זיינען די צוויי צימערן, וואס איך און מיין פרוי, זכרונה לברכה, האבען בעוואוינט. איין טהיר פעראייניגט ביידע; זיי האבען איין צוגאַנג, וואס איז בעדעקט דורך א פּאָרהאַנג, וועלכער קען זיך אי פון דרויסען, אי פון אינוועניג עפענען. ווען מיר, מאַן און ווייב, האבען געוואָלט רעדען איינער צום צווייטען, האט פריהער איינער, דערנאָך דער צווייטער, פערצויגען דעם פּאָרהאַנג. איהר, חתן כלה, זאָלט בעוואוינען דיזעלבע צוויי צימערן, און עס איז א וועטטע, ווער פון אייך וועט מעהר פיהלען דעם שמערץ פון צווייטענס

אויספעהלען און מאכען דעם ערשטען שריט צום וויעדערזעהען.״ביידע האבען איינגעוויליגט זיך צו שטעלען אויף דער פּראָבע; זיי זיינען אריין, און איך האב פערצויגען דעם פאָרהאנג. אַט דערביי האַלט עס.

פערסטער.

ווי לאַנג איז עס שוין?

דאָרן.

אַכט טעג.

פערסטער.

האט נאָך גאָר ניט פּאסירט?

דאָרן.

איך רעכען, ניט. ווייל יאָהאנן און פריעדריקע, וועלכע בעוואַכען אויפמערקזאם זייערע הערען, האבען א בעפעהל מיר דאס באַלד צו מעלדען. איך האב פון גאָר ניט געהערט, און דערפאר בין איך פון אונגעדולד צוריק געקומען, אום, פון דער נאָהענט, ווייטער צו הערען, וואס עס געהט פאָר.

פערסטער.

און איך קום פונקט אין דער פּאסענדער צייט מיט דיר צו פערברענגען אין א שלעכטען ווירטהסהויז, אנשטאט אין א פּרעכטיגען פּאַלאַטץ.

דאָרן.

איך האָף, אז די אונבעקוועמליכקייט וועט ניט לאַנג דויערן. מאַך דיר בעקוועם אונטער די אומשטענדען. דערווייל, האָף איך, וועלען אונזערע אויפּפּאסער אריינקומען.

פערסטער.

איך בין אליין אויך נייגיעריג צו וויסען, וואס עס וועט ווערען דערפון; ווייל דער שפּאס געפעלט מיר עפּעס ניט אין גאנצען. מען קען ערווארטען אמאָל ניט קיין געוווינשטע רעזולטאטען.

## דאָרן.

נאַרישקייטען! איך בין איבערצייגט, אז סוף־כל־סוף וועט ארויסקומען א טובה פארביידע פערליעבטע. ווער פון זיי עס זאָל זיך ווייזען שוואכער, פערלירט ער אלץ ניט; דען ער בעוויזט אויך דערמיט די שטאַרקייט פון זיין ליעבע. אויב דער שטאַרקערער ביל־דעט זיך עפּעס איין, דאַן וועט ער זיך, נאָך אביסעל נאָכדענקען, וויע־דער פיהלען פערשעהמט דורך דעם שוואכערן. זיי וועלען פיהלען, ווי ליעבענסווירדיג עס איז נאָכצוגעבען און זיך איבערבעטען; זיי וועלען זיך איבערצייגען ווי נעטהיג עס איז צו האבען א זעעלען־פערטרוילינקייט, און ווי נאַריש עס איז צו גלויבען, אז בעשעפּטי־גונג און אונטערהאַלטונג קענען בעלוינען פאר א ליעבעפולעם הארץ. ווען דיעזע אלע פעהלער וועלען זיין בעזייטיגט, דאַן וועט יעדער אנערקענען דעם ווערטה פון דעם אנדערן, און וויסען ווי זיך צו שעטצען.

## פערסטער.

לאָמיר האָפען אויף'ן בעסטען. דערווייל בלייבט דאס מיטעל נאָך אלץ זאָנדערבאר; אבער, פיעלליכט לערנען מיר, אלטע וועלט־ערפאהרענע, נאָך עפּעס דערביי. סאי־ווי־סאי וועלען מיר זעהען, ווער עס וועט צום לענגסטען אויסהאַלטען.

## דאָרן.

דאָרט טהוען זיי עפּעס מיט'ן ארויפשלעפּען די זאכען אויף די טרעפּען. קום, לאָמיך דיר העלפען זיך איינריכטען.

(ביידע אָב.)



# צווייטער אויפטריט

## יאָהאַנן, פריעדעריקע.

### יאָהאַנן.

איך דאָ איז ניטאָ דער גנעדיגער הערר! ניט אין גאָרטען, און וואו דען איז ער? איך האב איהם צו דערצעהלען עטליכע שפאַסיגע זאכען.

### פריעדעריקע.

פון דעם יונגען פאארעל? גוט, אבער ווען דו וועסט פארטיג ווערען, קומט מיין רייהע. דאס פריילײן מאכט מיר פיעל זאָרג.

### יאָהאַנן.

ווי אזוי?

### פריעדעריקע.

הער נאָר אוים: אין די ערשטע טעג פון איהר נייעם לעבען, איז אלעם צוגעגאַנגען רוהיג און שטיל; זי האט אויסגעזעהען הנאה צו האבען, זיך בעשעפטיגט, זיך געפרייט, וואס זי דארף ניט דעם יונגען הערר, און איז געווען פרעהליך; זי האט געגלויבט, אז זי איז בעוואָרענט געגען ליעבע. איך וואָלט אויך ניט געקענט מערקען, וואס פאר א געפיהל זי האט פאר איהם, ווען איך וואָלט ניט מיט א קונסט־שטיק געמאכט א שמועס וועגען דיר.

### יאָהאַנן.

וואס דארף מען דאָ פאר קונצען? איך געפין עם פאר גאַנץ נאַטירליך, אז מען זאָל דענקען פון מיר און רעדען איבער מיר.

פריעדעריקע.

זיי נאָר רוהיג! היינטיגעס מאָל האָסטו ניט געטראָפפען. היינטי־נעס מאָל האט זי נאָר געציעלט דערצו, אום צו ערפאהרען, אויב דו געפינסט זיך פיעל ארום דיין הערר און ווי עס געהט איהם. ווען איך האב מיך געמאכט, אז איך הער ניט, וואס זי זאָגט, האט זי, אין אָנ־פאנג, ווענינער געפרעגט.

יאָהאַנן.

די שעהנע אונטערהאַלטונג!

פריעדעריקע.

אזוי זיינען פאראיבער די ערשטע טעג. יעצט רעדט זי גאָר ניט, עסט און שלאָפט זעהר ווענינ, לאָזט אָב איין ארבייט און נעהמט זיך צו דער צוווייטער, און זי זעהט אויס אזוי קראנק, אז מען דארף זיך פאר איהר שרעקען.

יאָהאַנן.

טאַקי, באמת, וואס וועט ווערען דערפון? משוגעת! פשוט'ע משוגעת! ביי אזא זאך זעהען די ווייבער תמיד אויס קראנק. אלע זיינען אזוי.

פריעדעריקע.

מיינסטו מיך אויך, יאָהאַנן? איך האָף, אז איך בין ניט איינע פון זיי.

יאָהאַנן.

זיי ניט אין כעס. איך רעד נאָר פון די אריסטאָקראטישע דאַמען, יענע האבען עס אזעלכע פערריקטהייטען, ווען מען שמייכעלט זיי ניט מיט נאררישקייטען.

פריעדעריקע.

ניין, מיין פריילין צעהלט זיך ניט צו דיעזע; עס שיינט בלויז, אז די ליעבע עסט זי אויף.

יאָהאַנן.

די ליעבע? אזוי? פאר וואס'זשע בעהאלט זי דיעזע ליעבע?

פריעדעריקע.

יא, עס האנדעלט זיך דאָך אום א וועטטע!

יאָהאַנן.

וואס וועטטע, ווער מיר וועטטע, ווען מען ליעבט זיך?

פריעדעריקע.

אבער די איינגעשפּארטקייט!

יאָהאַנן.

ביי דער ליעבע טויג זי ניט! מיט דעם זיינען מיר געמיינע לייט א סך גליקליכער. מיר קענען ניט יענע נאררישקייט. ביי אונז, אז מען ליעבט זיך, ליעבט מען זיך, און מען שפּארט זיך ניט אויף נאר־רישקייטען. איך זאָג: „פריעדעריקע, ליעבסטו מיך?" דו זאָגסט: „יא!" און איך בין דיינער —

(ער אומארמט זי.)

פריעדעריקע.

ווען דער שיקזאל פון אונזערע הערשאפטען וועט זיין ענטשיע־דען, ווען דער גדן וועט זיין אויסגעצאהלט, ווען מיר, האָפּענטליך, קענען צוציהען די אויפמערקזאמקייט פאר אונזער יונגער ליעבע — עפּעס צו פערדאנקען.



# דריטער אויפטריט

דאָרן, פערסטער, די פאָריגע.

דאָרן.

ווילקאָמען אייך, מיינע לייט! זאגט, וואס איז פאָרגעקומען?

יאָהאַנן.

גאָר ניט בעזאָנדערעס, גנעדיגער הערר! מיין געפאנגענער איז בלויז באַלד זעהר אויפגערעגט און באַלד אויפברויזענד, באַלד נאָכדענקענד און באַלד געהיימניספאָל, אָט בלייבט ער שטיל, פערטראַכט, שיינט זיך צו ענטשליעסען, לויפט צו דער פערשלאָסענער טהיר; דאַן קעהרט ער ווידער צוריק און זעהט אוים צו פערטרייבען אַזעלכע געדאַנקען.

דאָרן.

פערסטער, דו הערסט?

פערסטער.

ווייטער!

דאָרן.

דערצעהלט אונז, יאָהאַנן, ווי עס איז צוגעגאַנגען זייט איך בין אוועקגעפאהרען.

יאָהאַנן.

אַך, נאָט, ווי קען איך דאס אַלעס אָנגעדענקען! הונדערטער זאַבען האב איך געהערט און געזעהן — איך וויים גאָר ניט ביי וועל-

כען זיך פריהער אָבצושטעלען. אבער ווען דאס הייסט ליעבען, ווען דאס איז דער מנהג פון די פאָרנעהמע מענשען, אזוי שווער איך אייך, אז איך וויל אויף אימער און אייביג פערבלייבען דער ארעמער יאָהאנן און זאָגען מיין פריעדעריקע'ן גאַנץ איינפאַך, אז איך האב זי ליעב.

דאָרן.

וואס איז אבער דאָך דאָרט פאָרגעקומען?

פערסטער.

רעדט ווייטער, מענש!

יאָהאנן.

איך וועל עס אייך דערצעהלען אזוי גוט ווי איך וועל נאָר קענען. אזוי ווי איהר זייט נאָר אוועקגעפאהרען, האט זיך דער יונגער הערר פערשפּארט, געלעזען און געשריעבען און זיך בעשעפטיגט. דאַן האב איך איהם געטראָפען זעהר מונטער. ער איז געגאַנגען אין דער געגענד שפּאצירען, איז שפּעט אהיים געקומען, איז געווען פרעהליך, און אזוי זיינען אוועק עטליכע טעג. דאַן איז ער געגאַנגען אויף דער יאגד און אלץ אָבגעוועקסעלט איין בעשעפטיגונג אויף דער צווייטער. איך האב אבער געקענט גאַנץ גוט מערקען, אז ער איז ביי קיין בעשעפטיגונג ניט געבליעבען. ער איז געגאַנגען אין צימער הין און צוריק, אוועקגעוואָרפען איין בוך און גענומען דאס צווייטע. דאַן פלעגט ער ווערען אויפגערעגט.

דאָרן.

שוין גוט.

יאָהאנן.

אזוי זיינען אוועק די טעג. זייענדיג אויפ'ן שפּאציר־גאַנג, האט ער געביינקט נאָך'ן שלאָס. ער האט אָבגעקירצט זיין יאגד און איז אהיים געקומען. אבער זייענדיג אויפ'ן וועג, האט ער אימער געצערגערט, ניט זייענדיג זיכער וואס צו טהון, און גערעדט צו זיך אליין. ער האט אזוי פערקרימט זיין פּנים, אז ער האט מיך דערשראָקען. אָט איז ער געשטאַנען ווי א סטאַטוע, אָט האט ער זיך געוואַקעלט

אונענטשלאָסען — דאַן זיך דערנעהנטערט צום געפעהרליכען פאָר־האַנג, שנעל ווידער צוריק געקעהרט, זייענדיג אין כעס אויף זיך זעלבסט. אונגעדולד און אונגעוויסהייט מאַטערן איהם. ער איז זעהר אונרוהיג און איך האב מורא, אז עס קומט משוגעת.

דאַרן.

גענוג! גענוג!

יאָהאַנן.

וואס'זשע זאָל איך מעהר ניט דערצעהלען!

דאַרן.

היינטיגעס מאָל איז גענוג. געה און בעזאָרג איהם מיט וואס ער בענעטהיגט, און מעלד מיר ווייטער וואס עס קומט פאָר.

יאָהאַנן.

איך האב אייך סאַי־ווי־סאַי נאָך געהאַט פיעל צו דערצעהלען.

דאַרן.

אַן אַנדער מאָל, געה!

יאָהאַנן.

אויב איהר ווילט אזוי, זאָל זיין אזוי. מיר איז עס איינגעפאַ־לען, אז ווען איך וועל אָפּט זעהען אזעלכע שטיק, וועל איך אליין ווערען עפּעס אזא מין משונה'דיגע בריאה. ווי זאָגסטו, פריעדע־ריקע?

פריעדעריקע.

מיר וועלען בלייבען ביים אַלטען!

יאָהאַנן.

גוט!

(ער גיט איהר די האַנד, און וועהרענד ער געהט אָב, ציהט ער זי אין הינטערגרונד און זיי בלייבען שטעהען.)

דאָרן.

נו, פערסטער, וואס זאָגט איהר צו דער געשיכטע?

פערסטער.

ניט זעהר פיעל. עס לאָזט זיך איבערהויפט ניט זאָגען קיין בעשטימטעס.

דאָרן.

פערצייהעט מיר, מיין פריינד, פערקעהרט, איך רעכען, אז מיר זיינען נעהענטער צום ציעל, ווי איהר קענט זיך פאָרשטעלען. עס זעהט אויס, אז עדוארד האט אביסעל געשטילט זיין שטאָלץ. דאס געפיהל בעהערשט איהם. באלד וועט ער אונטערליעגען צום גע־פיהל.

פערסטער.

פון וואנען איז דאס געדרונגען?

דאָרן.

פון אלעמען וואס יאָהאַנן דערצעהלט, פון די איינצעלהייטען ווי פון דעם כלל.

פערסטער.

און איך זאָג, אז ער וועט געוויס ניט זיין דער יעניגער, וואס וועט מאַכען דעם ערשטען שריט. דערפאר קען איך איהם שוין צו גוט. דערפאר איז ער צו איינגעבילדעט. ער האט א צו הויכען בע־גריף פון זיין ווערטה און ער גיט ניט נאָך.

דאָרן.

דאס וואָלט מיך זעהר געערגערט, ווייל עס וואָלט בעוויזען, אז ער ליעבט ניט מיין טאָכטער שטארק גענוג. עס וואָלט אויך בעוויע־זען, אז ער האט ווייניג נשמה און לעבהאפטעס געפיהל, אז ער האט קיין ענערגיע, אום ווייטער אויסצובלייבען אין דיעזען פיינליכען צו־שטאנד.

פערסטער.

און לעאָנאָרע? קען עס ניט זיין מיט איהר דאסזעלבע?

דאָרן.

ניין, מיין ליעבער! די פרויען האבען א געוויסע צוריקהאל־טונג, וואס קומט פון בעשיידענהייט, און דאס איז זייער גרעסטע ציערונג. אָט דיעזע בעשיידענהייט ערלויבט זיי ניט ארויסצואווייזען פריי זייערע געפיהלען. זיי וועלען דיעזע געפיהלען אם וועניגסטענס ארויסווייזען, ווען עס האנדעלט זיך וועגען איינגעשפארטקייט, ווי עס איז ביי דיעזער וועטטע. זיי קענען אלעם אריעבערטראָגען אייער אויפגעבען דיעזען שטאָלץ. זיי געפינען עס ניעדריגער פון זייער כבוד צו ווייזען א מאן ווי שטארק זיי ליעבען איהם. בעהאלטע־נערהייט פיהלען זיי אקוראט ווי מיר, אפשר נאָך מעהר, אבער זיי קענען זיך בעסער בעהערשען.

פערסטער.

דאס וואס דו זאָגסט, קען טאקי זיין אמת, אבער לאָמיר צום ערשטען אויסגעפינען, וואס לעאָנאָרע טהוט. דאן וועלען מיר קענען אביסעל זיכערער מאכען השערות.

דאָרן.

אויב אזוי, דאן דערצעהל אונז עפּעס, פריעדעריקע.

פריעדעריקע.

גנעדיגע הערען, איך האב שטארק מורא פאר דער פריילײן׳ס געזונדהייט.

דאָרן (שנעל:)

איז זי קראנק?

פריעדעריקע.

דאס גראדע ניט; אבער זי קען ניט עסען און ניט שלאָפען, זי שוועבט ארום עפּעס ווי א שאָטען, וויל ניט וויסען פון איהרע גע־ליעבטעסטע בעשעפטיגונגען, ריהרט ניט אָן די גיטארע, אויף וועל־

כער עדוארד פלעגט זי תמיד בעגלייטען, און זי זינגט אויך ניט ווי אימער עפּעס אזוי א פריש ליעדעל פאר זיך.

דאָרן.

רעדט זי עפּעס?

פריעדעריקע.

זעהר וועניג.

דאָרן.

דאָך, וואס זאָגט זי?

פריעדעריקע.

כמעט גאָר ניט. אמאָל פרעגט זי אויף יאָהאַנען; דערביי אבער, מערק איך מיר, דענקט זי תמיד אָן עדוארד'ן.

דאָרן.

איז דאס אזוי געוועזן די גאַנצע אכט טעג?

פריעדעריקע.

אָה, ניין! אין אָנפאַנג איז זי געוועזן פרעהליך, מעהר ווי תמיד, זיך בעשעפטיגט מיט הויז־ארבייט, מיט מוזיק און דערגלייכען; דער געליעבטער האט איהר ניט געפעהלט, זי האט זיך געפרייט איהם צו קענען בעווייזען, אז זי איז שטארק.

דאָרן.

זעהסטו, פערסטער, אז עס איז אזוי ווי איך האב געזאָגט? אַט דאָ האט זי איינגעהאַלטען דער ווייבליכער שטאָלץ.

פערסטער.

אבער ווי קומט עס, וואס זי האט אין אָנפאַנג געליעבט די בעשעפטיגונג און יעצט ניט מעהר?

דאָרן.

אויך דאס לאָזט זיך ערקלערען. פרויען זיינען געוואָהנט צו זיין ארבייטזאַם. מיט דעם בעוואוסטזיין צו זיין געליעבט, מיידען זיי

ניט אויס די איינזאמקייט. איין איינציגער פרעהליכער אויגענבליק פון דער געגענוואַרט גיט זיי שוין גענוג טרייסט. בלויז דאס אויס־פעהלען פון א מיטגעפיהל איז זיי שווער אריבערצוטראָגען און קריינקט זיי. דאַן פערזינקען זיי אין א ביטערען ליידענדען צו־שטאַנד, וועלכער, וואס מעהר זיי זוכען איהם צו פערבאָרגען, אַלץ מעהר נאָגט ער זייער לעבען. זיי פערוויאַנען.

פריעדעריקע.

ריכטיג! אזוי איז אויך מיט פריילײן לעאָנאָרע! אז זי ליעבט עדוארד'ן האב איך גענוג בעוויזען. אָפט געהט זי צו ווי צופעללינ צו דער טהיר, צעגערט שעהמעדיג, און געהט ווידער אוועק. איהרע אויגען זיינען פול מיט טרערען, עס זעהט אויס, אז זי הערט זיך איין צו זיינע טריט, אז זי וויל פעררעטהען זיינע געדאַנקען; זי קעמפפט צווישען ליעבע און הארטנעקיגקייט.

פערסטער.

אבער פאר וואס פרעגט זי ניט נאָך איהם? האָט ניט יאָהאַנן געזאָגט, אז עדוארד רעדט אָפט העפטיג פון לעאָנאָרע'ן? עס ווייזט אַלזאָ אויס, אז ער ליעבט זי מעהר ווי זי איהם.

דאָרן.

אָט דאס בעווייזט, אז דו קענסט ניט די פרויען געניג. ווען נעהמען זיי פערטרויעטע צו זייערע געפיהלען? זיי בעהאַלטען זיי־ערע געפיהלען און ווילען ניט, אז עמיצער זאָל וויסען דאריבער. אי־בער אַלעם האבען זיי מורא פאר דעם טריאומף פון די מענער, וועלכע זאָלען זיך בעריהמען מיט זייער הערשאַפט. זיי ווילען בעסער אַלעם ענטזאגען, ווי זיך צו פעררעטהען. בשתיקה קענען זיי ליעבען און זייערע געפיהלען זיינען נאָך שטארקער און דויערהאַפטער. די מענער ווידער זיינען אונגעדולדיג; קיין בעשיידענהייט שטעהט זיי אין וועג ארויסצוזאָגען וואס זיי דענקען; דערפאר האט עדוארד זיך אויך ניט בעהאַלטען מיט זיינע געפיהלען פאר יאָהאַנען.

פריעדעריקע.

ווילט איהר אפשר אויך א בעוויז, אז זי האט איהם ליעב?

איהר קענט דאָך דעם שעהנעם פּלאַטץ אין גאָרטען, וואס עדוארד האט אויסגעפּוצט פאר לעאָנאָרע'ס געבורטסטאָג, אָט דאס בעזוכט זי יעדען טאָג. שטילשווייגענד, מיט די אויגען צו דער ערד, פער־בלייבט זי דאָרט שטונדענלאַנג, און יעדע קליינינקייט, וואס ער האט איהר געשענקט, ליעגט אימער אויפ'ן טיש. אָפט זינקט זי אין א מין אונרוהיגקייט, וואס ענדיגט זיך מיט זיפצען. אז זי איז קראַנק פון ליעבע, דאס בעהויפּטע איך; און ווען זי זאָל פון דיעזער לאַגע ניט בעפרייט ווערען —

דאָרן.

לאָז דאס צו מיר, פריעדעריקע! אַלעס וועט זיך ענדיגען גוט!

פריעדעריקע.

ווען איך זאָל זיין אויף אייער אָרט, וואָלט שוין לאַנג גענומען א סוף דערפון. (אָב.)



# פיערטער אויפטריט

דאָרן, פערסטער.

דאָרן.

איך בין צופריעדען, אלעס געהט ווי געוואונשען.

פערסטער.

אבער ווען די טאָכטער זאָל קראנק ווערען?

דאָרן.

גלויב עס ניט. עס וועט איבערהויפּט ניט לאַנג מעהר דויערן.

פערסטער.

ביסטו זיכער?

דאָרן.

זיי וועלען זיך נאָכגעבען, זיך זעהען, זיך ליעבען און זיך ליעבען אלס ערפאהרענע מענשען.

פערסטער.

איך וואָלט נאָר וועלען וויסען, וואס דו ביסט אזוי פרעהליך?

דאָרן.

וואס איך זעה מיין ארבייט פארטיג. זיי זיינעןביידע אקוראט דאָרט, וואו איך האב זיי געוואָלט האבען. זייער וועניג רעדען, אלע זייערע האנדלונגען, זיינען ווי אָנגעמאָסטען אויף זייערע געפיהלען.

פערסטער.

ווי אזוי?

דאָרן.

עדואַרד, וועלכער איז א פייערינער יונגער מענש, צייגט זיך נאָר אביסעל אונמוטהיג, ער קעמפּפט צווישען איינגעשפּאַרטקייט און ליעבע, אבער סוף־כל־סוף מוז די ליעבע זיעגען. ער פיהלט דעם שמערץ פון זיין אליין. די געשטאַלט, דער רייץ פון לעאָנאָרע׳ן שטעלען זיך לעבהאַפט פאר זיינע אויגען; ער קען עס שוין ווייטער ניט אויסהאַלטען. ניט קענענדיג מעהר געפינען קיין אַנדערע אַמוזירונג, וועט ער עפענען די טהיר און זיך ערקלערען אלס דער בעזיעגטער.

פערסטער (פאר זיך).

מיר איז דאס גאָר ניט געוויס.

דאָרן.

לעאָנאָרע, אַן עדעלעס, בעשיידענעס מיידעל, וועלכע האט אביסעל לוינען, האט לכתחילה געמיינט צו פערגעסען אָן איהם דורך בעשעפטיגונג, און שטאַנדהאַפּט איבערשטעהען די פּראָבע ־ צייט; דאָך איז פאַראיבער איין טאָג נאָך׳ן צווייטען. פאר איהר געליעבטען האט זי געמוזט ווייזען קאַלטקייט, פרעגען נאָך איהם האט זי ניט געוואָלט. די לעדיגקייט, דעם פערלוסט פון צערטליכעס מיטגעפיהל, האט זי שטאַרק געשפּירט. ביי איהר איז ניטאָ קיין מיטעל, ווי אזוי זי זאָל אָנפאַנגען דעם ערשטען שריט. די צוריקהאַלטונג פערוועהרט עס איהר, און זי איז בעסער צופריעדען צו ליידען. דערפאר קומען זיפצען, טרערען, מאַנגעל אין שלאָף און קיין אַפּעטיט צום עסען. לעאָנאָרע ליעבט עדואַרד׳ן פיעללייכט נאָך צערטליכער ווי פריהער, זי ערוואַרטעט דעם אויגענבליק צוריק צו טרעטען אין איהר פריהעריגער לאַגע.

פערסטער.

דאס וועלען מיר זעהען.

דאָרן.

גוט, דאַן לאָמיר זיך ביידע אונטערהערען. ביי דער דעק פון יענעם צימער איז דאָ א געהיימע עפענונג; לאָמיר אהין געהען און זיך אליין איבערצייגען. (אָב.)

# פינפטער אויפטריט

(געטהיילטע צימער; שעהן מעבלירט, בעזאָרגט מיט אלערליי גע־גענשטענדע צו דער אונטערהאַלטונג, ווי א שרייב־טיש, ביכער, אינ־סטרומענטען, א. ז. וו. טהיר, גראַטעס און פאָרהאַנג.)

לעאָנאָרע זיטצט רעכטס. עדואַרד לינקס.
דאָרן און פערסטער אין דער הויף.
צולעצט יאָהאַנן און פריעדעריקע.

(עדואַרד געהט שנעל הין און צוריק, רעדט העפטיג מיט זיך אליין, זעהט אוים פערוויררט, דאַן אונענטשלאָסען. לעאָנאָרע טרויעריג, מיט אַן ארבייט אין דער האַנד. בליקט זיפצענדיג צו דער טהיר. דאַן בעטראַכט זי א בריעף־טאַש מיט עדואַרד'ס נאָטען און בענעצט זיי מיט הייסע טרערען.)

עדואַרד.

ניין, איך געה ניט ארויס! וואוהין זאָל איך געהען? וואס זאָל איך אָנהייבען צו טהון? קיין זאַך דערפרייט מיך, אלסדינג איז מיר נמאס; בלויז זי פעהלט מיר! לעאָנאָרע, דו, דו עדעלסטע, וואַ־רעמסטע און געליעבטעסטע בריאה אין דער וועלט! וואו זיינען די פרעהליכע אויגענבליקען, וואס איך האב פערבראַכט נעבען דיר? ווי פלעגט זי מיך צובינדען דורך איהר הערדליכע געשטאַלט צו איהר זאַנפטעס וועזען? זי איז געוועזען מיין ערשטער און לעצטער געדאַנק; איהר טהיילנאהמע, איהר צערטליכקייט האבען אין מיר אויפגעהוי־בען יעדעס פערגניעגען; ביי איהר האב איך געפונען ערהאָלונג נאָך דער ארבייט. יעצט בין איך אומעטיג! ווי אָפט האט זי אויסגעליי־

ערט טרויעריגע שטונדען דורך איהר געזאַנג? יעדעם וואָרט, וואס האט געקלונגען מיט ליעבע, האט זיך וואָהלטהעטיג פעראייניגט מיט מיין הארצען. וואס פאר א גליק זי האט געקענט ברענגען! אפילו איהרע אויגענבליקליכע לוינען זיינען ניט געווען אזוי שלעכט, ווי איך, אונגעדולדיגער, האב מיר איינגעבילדעט. פאר וואס בין איך געווען אזוי איבעראיילט, ווי האב איך געקענט, אוים איינגעשפארט־קייט, אויפנעהמען אזא וועטטע? וועט זי איצט נאָכגעבען? זי ניט — איך? — יא! (פרעהליך.) און פאר וואס צעגער איך? די טהיר געעפענט, און צו איהר! צו איהר, צו דער געטטליכער, זיך ווארפען צו איהרע פיס און איהר שווערען אייביגע ליעבע, מודה זיין, אז איך קען אָהן איהר ניט לעבען! — אבער, וואס וועט מען זאָגען? מען וועט דיך האלטען פאר א טרום און פאר א שוואכען! דיינע פריינד וועלען זיך לוסטיג מאכען איבער דיר. — אבער וואס קימערט עס מיך? — נאָר, לעאָנאָרע, דו אליין קענסט טריאומפירען, מיך האלטען אלס בעזיעגטער, הערשען איבער מיר. און דאן, וועה מיר, ווען איך וועל וועלען זיין מאן! אלזאָ, פאר וואס טהו איך ניט עפעס? עס איז נאָך דאָ גענוג ארבייט!

(זעטצט זיך ביים שרייב־טיש, נעהמט די פעדער, אבער אנ־שטאט צו שרייבען, פערטיעפט ער זיך אין געדאנקען.)

## לעאָנאָרע.

שוין ווידער אוועק א טאָג און עדוארד קומט אלץ ניט! וואס פאר א שמערץ! ער האט מיך פערגעסען, און ער ליעבט מיך ניט אזוי צערטליך, ווי איך האב איהם געליעבט. ווען ער וואָלט נאָר געפיהלט א העלפט פון מיינע קוואלען, וואָלט ער זיך געאיילט צו פערלירען די וועטטע. איך אליין וואָלט איהם געווען א רייכער שאדענערזאַטץ פאר זיין געקריינקטער איינגעשפארטקייט. און וואס פאר א ראָלע שפיעלט איינגעשפארטקייט, ווען מיר פערגלייכען דאס מיט ווארעמער ליעבע, מיט גליקזעליגקייט, וואס מען געפינט בלויז אין געגענליעבע? אָט אזוי וואָלטען פערגעהען די טעג און די שטונדען ווי זיסע חלומות; איך וואָלט מיך געפיהלט גליקליך. גרויזאמער פאטער! ווי האָסטו מיך געקענט אזוי אונגליקליך מאכען, מיך שטעלענדיג אויף אזא פראַ־

בע? איז מיר ניט בעסער געווען פון איהם צו ליידען? יעצט קען איך ניט מאַכען דעם ערשטען שריט. מיין הארץ איז דאפיר, אבער די בעשיידענהייט, וואס איז א מיידעל'ס ציערונג, לאָזט מיך ניט, און אזוי מוז איך ליידען — אבער ווי לאַנג?

(לאָזט אָב די ארבייט און זיפצט.)

## עדואַרד.

(אויפשטעהענדיג שנעל פון נעבען שרייב־טיש.)

איך קען ניט שרייבען; פון וואנען זאָל איך עס נעהמען געדאנק און מוטה? ווען יאָהאנן זאָל נאָר קומען, איך זאָל קענען מיט איהם רעדען איבער לעאָנאָרע'ן! ער זעהט הפנים אויס זעהר ווענינ צו פער־שטעהען מיינע געפיהלען. אבער ער מיינט עס דאָך גוט, און לעאָנאָ־רע'ן פערעהרט ער ווי א גאָטטהייט, אדער ווי יעדער וואס קען זי. מיר שיינט, איך הער איהם.

## לעאָנאָרע.

(וועהרענד זי דריקט די בריעף־טאַש צום הארצען:)

יא, דאָ איז דער משכון פון דיין ליעבע! דאָ איז דיין נאָמען, און דו האָסט מיך געקענט פערגעסען, עדואַרד? — וואס זאָל איך טהון איהם צוריק צו קריעגען? אָך, פראכטפאָל, פיעללייכט וועט דאס ווירקען.

(זי לויפט צו נעהמען איהר גיטאַר, זעטצט זיך נאָהענט צו דער וואנד נעבען דער טהיר, אז מען קען זי ניט זעהען פון נעבען פאָרהאנג. עדואַרד, זיטצענדיג פערטראכט, ווערט אויפגעלעבט פון די טענער, דערקענט די שטימע, וואס האט איהם אזוי אָפט בעצויבערט. דענקט ניט פיעל, גיט א ציה דעם פאָרהאנג, וויל זי זעהען און קען ניט. לעאָנאָרע געהט צו דער טהיר, אום צו הערען; זי זעהט דעם פאָרהאנג אוועק־געצויגען, דערזעהט דעם געליעבטען. גרויסע איבערראשונג, די טהיר עפענט זיך, זי פאַלט אין זיינע ארעמס, נאָך איידער זי וויים, וואס זי טהוט.)

בײדע.

איך האב דיך װיעדער! איך בלײב דײן!

דאָרן און פערסטער (אַרײנקומענדיג).

בראװאָ! בראװאָ!

(לעאָנאָרע און עדואַרד שטעהען אונרוהיג.)

דאָרן.

קינדער, װאס האב איך געזאָגט?

לעאָנאָרע.

עדואַרד איז צו מיר געקומען.

עדואַרד.

נײן! זי איז עס געװעזען, װאס האט געװאָלט זעהען, אויב איך הער מיך אונטער.

דאָרן.

איהר האט בײדע רעכט. קײנער פון אײך האט אין אמת'ן ניט פערלאָרען די װעטטע. א גלײכעס געפיהל האט אײך בעהעררשט. אײערע האַנדלונגען האבען געפּאַסט אקוראַט פאר א אינגעל און פאר א מײדעל. לעאָנאָרע האט געזוכט דורך א פײנעם שריט דיך צו בעװעגען אויפצוהײבען דעם פּאַרהאַנג; לעבהאַפטער האָסטו דאס נאכגעפאָלגט. לעאָנאָרע האט דיך בלויז געװאָלט אויספּרובירען אין געהײם. איהר האט בעװיעזען, אז בײ עדעלע און געפיהלפאָלע הערצער געהען פאָר גלײכע בעװעגונגען. זײ דריקען זיך בלויז אויס פערשיעדען. — איהר זײט אויך װערטה אײנער דעם צװײטען. ליעבט אײך און פערצײהעט אײך אײערע קלײנע שװאַכקײטען, און טראַכט, אז די געגענזײטיגע ליעבע װעט אײך אלעם בעלוינען.

לעאָנאָרע.

דיעזער טאָג זאָל אונז זײן הײליג.

עדוארד.

דו האָסט אונז ווירקליך געלערענט צו ליעבען.

פערסטער.

און איך האב היינט מעהר ערפאהרען ווי אין מיין גאנצעם לעבען.

פריעדעריקע.

איך אויך.

יאָהאַנן.

דו! און וואס האָסטו ערפאַהרען? דאס איז אלעס צו ערהאבען און צו פיין פאר אונז. לאָמיר ליעבען איינפאַך און אזוי גליקליך זיין. און דערצו, גנעדיגער הערר, איז קיין זאך אזוי נעטהיג, ווי א פעטער נדן.

דאָרן.

דאס זאָלט איהר קריעגען!

ענדע.



## פאָרוואָרט צו געטץ פון בערליכינגען.

די דראמע אדער טראגעדיע „געטץ פון בערליכינגען,” איז ניט קיין ווערק, וואס קען געשפּיעלט ווערען אויף א ביהנע. געטהע האט עס אויך ניט געשריעבען צו דיעזען צוועק. דאס איז טראָטץ דעם, וואס „געטץ פון בערליכינגען,” איז א הויך דראמאטישעס ווערק און האט מאנכע סיטואציאָנען, וועלכע בעזיטצען אונגעהייערע קראפט.

אין דיעזען ווערק איז געטהע א דייטש, א פּאטריאָט און א טיע־פער פערעהרער פון די אלטע דייטשע היסטאָרישע העלדען. מיר זעהען איהם, ניט ווי אין „פאוסט” אדער „עגמאָנט,” אלס וועלט־דיכטער, נאָר אלס דיכטער פאר דייטשלאנד, זיך ניט קימערענדיג וויפיעל אינ־טערעסע זיין געטץ וועט ארויסרופען ביי אנדערע פעלקער. ער צייגט זיין טיעפען פּאטריאָטיזמוס צו זיין פּאטערלאנד און איז שטאַרק בעגייסטערט פאר דעם אלטען רויבער־באראָן, געפינענדיג אין איהם מעהר עהרליכקייט ווי אין די אנדערע פירסטען, וועלכע האבען גע־שפּיעלט די ראָלע פון ראפינירטע אדעללייט.

„געטץ פון בערליכינגען” ווערט אויך בעטראכטעט אלס איינעס פון דעם דיכטער׳ס מייסטערווערק, און געטהע האט גענוג געארבייט דאריבער עס זאָל זיך צעהלען צו די קלאסיקער.

**דער איבערזעטצער.**

## פערזאָנען:

קייזער מאַקסימיליאַן
געטץ פון בערליכינגען
עליזאַבעטה, זיין פרוי
מאַריאַ, זיין שוועסטער
געאָרג, זיין קינד
בישאָף פון באַמבערג
ווייזלינגען
אַדעלהייד פון וואַלדאָרף } ביים בישאָף אין הויף
ליעבעטרעוט
אבט פון פולדא
אַלעאַריוס, דאָקטאָר מעדיצין און רעכט
ברודער מאַרטין
האַנס פון זעלביטץ
פראַנץ פון זיקינגען
לערזע
פראַנץ, ווייזלינגען׳ס קינד
קאַמערפרייליין ביי אַדעלהייד
מעטצלער, זיעווערס, לינק, קאָהל, ווילד
אנפיהרער פון די רעבעלישע בויערן

הויפפרויען, הויפלייט אין באַמבערגישען הויף
קייזערליכע יועצים
ראַטהסהעררען פון הייַלבראָנן
ריכטער פון געהיימען בית המשפט
צוויי נירענבערגער סוחרים

מאַקס שטומפּף, פּפיילצערישער דיענער
אַן אונבעקאַנטער
אונטערפיהרער } בויערן
חתן
בערליכינגישע, ווייזלינגישע רייטער
הויפליים, אַפּיצירען, קנעכט פון דער רייכס־
אַרמעע
קרעטשמאַר
געריכטס דיענער
היילבראָננער בירגער
שטאָדטישע וואַך
געפענגנים וועכטער
בויערן
ציגיינער הויפּטמאַן, ציגיינער, ציגיינערינס



# ערשטער אקט

## שווארצענבערג אין פראנקען.

שיינק־הויז.

מעטצלער, זיעוועדם ביים טיש. צוויי רייטער קנעכט ביים פייער. ווירטה.

זיעווערם.

הענזעל, גיב מיר אהער נאך א גלעזעל בראנפען און מעסט גערעכט.

ווירטה.

קענסט גאר קיינמאל ניט זאט ווערען.

מעטצלער (שטילערהייט צו זיעווערם'ן):

דערצעהל נאר נאך אמאל פון בערליכינגען. די באמבערגער דארט ערגערן זיך שטארק.

זיעווערם.

באמבערגער? וואס טהון זיי דא?

מעטצלער.

ווייזלינגען איז אויבען אין שלאס ביים גראף שוין זייט צוויי טעג; איהם האבען זיי איבערגעגעבען דאס קאמאנדא. איך וויים ניט פון וואנען ער קומט; זיי ווארטען אויף איהם. ער פאהרט צוריק קיין באמבערג.

זיעווערס.

ווער איז וויזלינגען?

מעטצלער.

דעם בישאָף'ס רעכטע האַנד און אַ געוואַלטיגער הערר, וועלכער לויערט אויך אויף געטץ'עס דיענסט.

זיעווערס.

זאָל ער בעסער אַכטונג געבען וואס ער טהוט.

מעטצלער (שטילערהייט:)

זאָגט ווייטער! (הויך:) פון ווען אָן האט עס דער געטץ וויעדער מסחרים ביים בישאָף פון באַמבערג? עס האט דאָך געהייסען, אז אַלצדינג איז שוין פערטראַגען און אויסגעגלייכט?

זיעווערס.

יא, געה פערטראַג דו דיך מיט די גלחים! ווי דער בישאָף האט געזעהען, אז ער קען ניט בעסער מאַכען, איז ער געקראָכען צום צלם, איז געוועזן שטאַרק בעשעפטיגט, כדי עס זאָל קומען צום פערגלייך. און דער גוטהערציגער בערליכינגען האט אַלצדינג נאָכגעגעבען, אַזוי ווי זיין טבע איז תמיד, ווען ער האט די אויבערהאַנד.

מעטצלער.

גאָט זאָל איהם בעשיטצען! ער איז אַן ערעלער הערר!

זיעווערס.

איצט שטעל דיר פאָר, איז דאס ניט שענדליך? אַט ווארפט מען איהם אַן אַ איינגעל, און ער מאַכט זיך אויך ניט זעהענדיג. זיי וועלען אבער שוין וויעדער דערפאַר דארפען לויפען!

מעטצלער.

עס איז דאָך אַ פערדרוס ווי די לעצטע אונטערנעהמונג איז איהם ניט געלונגען! דאס האט איהם בעדאַרפט שטאַרק ערגערן.

זיעווערס.

איך גלויב ניט, אז דאס האט איהם לאנג געערגערט. שטעל דיר פאר געגוי וואס עס איז פארגעקומען, ווי דער בישאף איז געקומען פון באד, ארומגערינגעלט מיט פיעלע רייטער, און איך אויף וואס פאר א וועג ער איז געגאנגען; און ווען דאס וואלט ניט פעררארטהען געווארען דורך פאלשע מענשען, וואלט ער איהם דארט אין באד געבענשט און אויסגעריבען.

ערשטער רייטער.

וואס פלוידערט איהר עפעס דארט איבער אונזער בישאף? מיר דאכט, איהר זוכט זיך עפעס צרות?

זיעווערס.

קימערט זיך אום אייערע זאכען! ביי אונזער טיש דארפט איהר גאר ניט זוכען.

צווייטער רייטער.

ווער הייסט עס איך רעדען אהן רעספעקט פון אונזער בישאף?

זיעווערס.

דארף איך אייך עפעס ענטפערן אויף אלעס? זעהט נאר א צורה!

ערשטער רייטער.

(גיט איהם א קלאפ הינטער'ן אויער.)

מעטצלער.

דער'הרג'ע דעם הונד!

(זיי פאלען אן איינער דעם צווייטען.)

צווייטער רייטער.

קום נאר אהער ווען דו האסט נאר הארץ.

ווירטה (צורייסט זיי:)

וועט איהר זיין שטיל? אל־דע צרות אויף אייערע קעפ! ווארפט זיך ארויס צו אל־דע שווארצע יאהר. אין מיין הויז זאל עס צוגעהען ארענטליך און אנשטענדיג. (שטופט די רייטער ארויס פון דער טהיר.) און איהר עזלען, וואס איז מיט אייך?

מעטצלער.

נאַר ניט בעליידיגט, הענזעל, ווען ניט וועלען מיר די געבען איבער'ן קאָפּ. קום, קאמעראד, לאָמיר יענע אין דרויסען מכבד זיין.

צוויי בערליכינגישע רייטער קומען אַן.

ערשטער רייטער.

וואס איז נייעס?

זיעווערס.

אַך, גוטען מאָרגען דיר, פעטער! גוט מאָרגען, בייט! פון וואנען קומט איהר עס?

צווייטער רייטער.

זעה נאַר זאָלסט דיך ניט דערוועגען צו פערראטהען ווענען מיר דיענען.

זיעווערס (שטילערהייט):

איז אייער הערר געטץ אויך ניט ווייט פון אייך?

ערשטער רייטער.

האַלט דיין מויל! איז דאס אייער עסק?

זיעווערס.

די חברה וואס איהר האט בעגעגענט אין דרויסען זיינען באמ־בערגער.

ערשטער רייטער.

וואס טהוען זיי דאָ?

מעטצלער.

וויזלינגען איז אויבען אין שלאָס ביים גנעדיגען הערר, ווענען זיי האבען בעגלייט.

ערשטער רייטער.

וויזלינגען?

צווייטער רייטער (שטילערהייט):

פעטער, דאס איז א פעטער ביסען! (הויך:) ווי לאנג איז ער דארט?

מעטצלער.

שוין צוויי טעג. אבער ער וועט היינט נאך ניט אוועקפאהרען, לויט ווי איך האב געהערט.

ערשטער רייטער (שטילערהייט):

האב איך דיר ניט געזאגט, אז ער איז דא? ווען מיר זאלען דארט אויף א ווײלע קענען זיך אבשטעלען. קום, בייט.

זיעווערס.

העלפט אונז ערשט דורכקלאפען די באמבערגער.

ערשטער רייטער.

איהר זייט דאך אויך צוויי. מיר מוזען אוועקפאהרען. אדיע! (אב.)

זיעווערס.

וואס פאר א לומפען־באנדע די רייטערס זיינען! ווען מען בע־צאהלט זיי ניט, ווילען זיי גאר ניט טהון!

מעטצלער.

איך וואלט געשווארען, אז זיי האבען עפעס א פלאן. וועמען דיענען זיי?

זיעווערס.

איך דארף עס ניט זאגען. אבער זיי דיענען דעם געטץ.

מעטצלער.

אזוי! דערווייל לאמיר זעהען וואס עס טהוט זיך מיט דער חברה אין דרויסען. קום, אזוי לאנג ווי איך האב א שטעקען, האב איך קיין מורא ניט פאר זייער בראט־שפיעז.

זיעווערס.

ווען מיר וואלטען נאר געקענט אזוי נאהענט צוקומען צו די פירסטען, וועלכע ציהען אונז אריעבער די הויט איבער די אויערן.



# קרעטשמע אין וואלד

געטץ (פאר דער טהיר, אונטער'ן לינדען־בוים:)

וואו בלייבען עס אוים מיינע קנעכט? איך מוז געהן הין און צו־ריק, ווען ניט, וועט מיך איבערוועלטיגען דער שלאף. איך בין שוין פינף טעג און נעכט אויף דער לויער. דאס ביסעל לעבען און פרייהייט ווערט פערביטערט. דערפאר, ווייזלינגען, ווען איך וועל דיך פאקען, וועל איך מיר לאזען וואויל געהן. (גיסט אריין:) שוין ווידער לעדיג! געארג! אזוי לאנג ווי עס מאנגעלט ניט אין דעם און אין פרישען מוטה, לאך איך פון דער הערשאפט פון די פירסטען און פון זייערע ראנגען. — געארג! — זיי שיקען עס ארום ווייזלינגען בעזוכען פע־טערס און קוואטערס, אזוי ווילען זיי מיר איינריידען. אבער איך בין וואך. בישאף, דו האסט דיך מיר ארויסגעגליטשט פון די הענד. דאן וועט דיין ליעבער ווייזלינגען בעצאהלען. — געארג! הערט ניט דער יונג! געארג! געארג!

דער יונג (אין פאנצער פון אן ערוואקסענעם).

מיין הערר!

געטץ.

וואו ליעגסטו ערגיץ? ביסטו געשלאפען? וואס פאר א שווארץ יאהר איז מיט דיר וואס דו האסט דיך פערשטעלט? קום נאר אהער, זעהסט אוים גאנץ גוט. שעהם דיך ניט, אינגעל, דו ביסט בראוו! ווען דו זאלסט איהם נאר קענען אויספילען! איז עס האנזען'ס פאנצער־אנצוג?

געארג.

ער האט געוואלט שלאפען אביסעל, און זיך איהם אויסגעטהאן.

געטץ.

ער מאכט זיך עס בעקוועמער ווי זיין הערר.

געאָרג.

זייט ניט אין כעס. איך האב עס איהם לאנגזאם אוועקגענומען און אָנגעטהאָן, דאַן גענומען מיין פאַטער'ס אלטעס שווערט פון דער וואנד, ארויסגעלאָפען אויפ'ן פעלד און דאס ארויסגעצויגען.

געטץ.

און האָסט געפאָכטען ארום דיר? אויב אזוי איז עס גאנץ גוט צוגעגאנגען מיט די גראָזען און דערנער. שלאָפט נאָך האנס?

געאָרג.

ווען איהר האט גערופען, איז ער אויפגעשפרונגען, און צו מיר געשריען, אז איהר רופט. איך האב געוואָלט אויסציהען דעם פאנצער, האב איך אייך אבער געהערט צוויי מאָל און דריי מאָל.

געטץ.

געה, ברענג איהם צוריק זיין פאנצער, און זאָג איהם, ער זאָל זיין בערייט און אכטונג געבען אויף די פערד.

געאָרג.

איך האב זיי שוין אליין געגעבען גוט צו עסען. איהר קענט זיך שוין אויפזעטצען ווען איהר ווילט.

געטץ.

ברענג מיר א קרוג וויין, גיב האנסען אויך א גלאָז, זאָג איהם ער זאָל זיין מונטער, אלעס געהט גוט. איך האָף יעדען אויגענבליק זאָלען צוריק קומען מיינע לייטע.

געאָרג.

אך, הערר!

געטץ.

וואס איז שוין ווייטער?

געאָרג.

מעג איך אויך מיטפאָהרען?

גערטץ.

אַן אַנדער מאָל, געאָרג, ווען מיר וועלען פאַנגען קויפליים און אוועקנעהמען פוהרען.

געאָרג.

אַן אַנדער מאָל, דאס האט איהר שוין אָפט געזאָגט. איך וויל דאס מאָל, היינטיגעס מאָל! איך וועל לויפען פון הינטען, לויערן בלויז ביי דער זייט.

גערטץ.

דאס נעכסטע מאָל, געאָרג. דו זאָלסט דאַן האבען א ראָק, א בלעך־היטעל און א שפּיעז.

געאָרג.

נעהמט מיך מיט. ווען איך וואָלט לעצטענס דערביי געוועזן, וואָלט איהר ניט פערלאָרען די אַרמברוסט.

גערטץ.

ווי אזוי ווייסטו דאס?

געאָרג.

איהר האט זי געוואָרפען דעם שונא אין קאָפּ, און איינער פון די פיס־קנעכט האט זי אויפגעהויבען; דאַן איז זי פערשוואונדען געוואָרען! זעהט איהר ווי איך וויים!

גערטץ.

דערצעהלען דיר דאס מיינע קנעכט?

געאָרג.

יא. דערפאר פייף איך פאר זיי און לערן זיי אלערליי לוסטיגע ליעדער.

גערטץ.

ביסט א בראַווער יונג.

געאָרג.

נעהמט מיך מיט, אַז איך זאָל דאס קענען ארויסווייזען.

גּעטץ.

צום נעכסטען מאָל, אויף מיין וואָרט. אונבעוואָפּענט ווי דו ביסט, זאָלכטו ניט אריין אין שטרייט. די קינפטיגע צייטען בענעטהיגען אויך מענער. איך זאָג דיר, אינגעל, עס וועט זיין א טהייערע צייט. פירסטען וועלען אָנבאָטען זייערע אוצרות פאר א מאַן, וועלכען זיי האסען יעצט. געה, געאָרג, גיב האנסען צוריק זיין אנצוג און ברענג מיר וויין. (געאָרג אָב.) וואו בלייבען עס אוים מיינע קנעכט? איך פערשטעהע עס ניט. א מאָנאך! פון וואנען קומט ער עס אהער?

ברודער מאַרטין ערשיינט.

גּעטץ.

גוטען אבענד, געעהרטער פּאָטער! פון וואנען אזוי שפּעט? מאַן פון הייליגער רוה, איהר בעשעהמט פיעלע ריטער.

מאַרטין.

איך דאַנק אייך, עדעלער הערר! איך בין בלויז א ברודער פון עניוות, דאס איז מיין טיטעל. אוגוסטין איז מיין קלויסטער־נאָמען, דאָך ליעב איך בעסער צו הערען מיך רופען מאַרטין, מיין טויף־נאָמען.

גּעטץ.

ברודער מאַרטין, איהר זייט מיעד און אָהן א צווייפעל אויך דאָרשטיג. (דער יונג קומט.) דאָ קומט דער וויין אקוראט צו דער צייט.

מאַרטין.

פאר מיר בלויז א טרונק וואסער. איך טאָר ניט טרינקען קיין וויין.

גּעטץ.

איז דאס א נדר?

מאַרטין.

ניין, גנעדיגער הערר, עס איז ניט געוועזן מיין נדר, וואס איך

דארף קיין וויין ניט טרינקען; עס איז בלויז וויל דער וויין איז געגען מיין נדר, אָט דערפאר טרינק איך איהם ניט.

געטץ.

ווי זאָל איך דאס פערשטעהען?

מארטין.

וואויל צו אייך, וואס איהר פערשטעהט עס ניט. עסען און טרינקען, מיין איך, איז דעם מענשען׳ס לעבען.

געטץ.

גוט.

מארטין.

ווען איהר האט געגעסען און געטרונקען, זייט איהר ווי ניי געבוירען; איהר זייט שטארקער, מוטהיגער, געשיקטער צו אייער ארבייט. דער וויין דערפרייט דעם מענשען׳ס הארץ, און די פרעהליכקייט איז די מוטער פון אלע טוגענדען. ווען איהר האט געטרונקען וויין, זייט איהר אלעס דאפעלט וואס איהר זאָלט אין דער ווירקליכקייט זיין, איהר דענקט נאָך אמאָל אזוי גרינג, איהר האט נאָך אמאָל אזוי פיעל אונטערנעהמונגס קראפט, און איהר קענט אלעס נאָך אמאָל אזוי שנעל אויספיהרען.

געטץ.

ווי איך טרינק, איז עס אמת.

מארטין.

דערפון רעד איך אויך. אבער מיר. —

געארג (מיט וואסער).

געטץ (צו געארג שטילערהייט:)

געה אויפ׳ן וועג קיין דאקסבאך, לעג דיך מיט דעם אויער אויף דער ערד, און פאס אויף אויב דו הערסט ניט פערד קומען, דאן קום גלייך צוריק אהער.

מארטין.

אבער מיר, ווען מיר האבען געגעסען און געטרונקען, זיינען מיר

גראדע דאס געגענטהייל פון דעם וואס מיר זאָלען זיין. אונזער שלע־פעריגע פערדייאונג שטעלט אָן דעם קאָפּ נאָך'ן מאָגען, און אין דער שוואכקייט פון צו פיעל רוה, ענטשטעהען אזעלכע תאוות, וואס מאַכען פון אונז א תל.

גערטץ.

ברודער מארטין, איין גלאָז, ווערט אייך ניט שטערען דעם שלאָף. איהר זייט היינט פיעל געגאנגין. (דערלאנגט איהם א גלאָז.) לחיים!

מארטין.

אין גאָט'ס נאמען! (שטויסען אָן.) איך קען שוין ניט אויסהאַל־טען פון די לעדיג־געהער. און דאָך קען איך ניט זאָגען, אז אלע מאַ־נאכען זיינען לעדיג־געהער; זיי טהון וואס זיי קענען. איך קום נאָר וואס פון סט. בייט, וואו איך בין געשלאָפען די לעצטע נאכט. דער פּריאָר האט מיך געפיהרט אין גאָרטען; דאס איז בלויז זייער ביענען־קאָרב. פּראכטפאָלער סאלאט! קאָהל־פרוכט ווי דאס הארץ געלוסט! און איבערהויפּט בלומען־קאָהל און ארטישאָקען ווי קיינע אנדערע אין גאנץ אייראָפּא!

גערטץ.

דאס געהער זיך אבער מיט אייך ניט אָן. (ער שטעהט אויף, קוקט נאָך דאס אינגעל און קומט צוריק.)

מארטין.

הלואי וואָלט גאָט מיך געמאכט פאר א גערטנער פון די לאבאָ־ראנטען, איך וואָלט געוועזן זעהר גליקליך. מיין אבאָט ליעבט מיך מיין קלויסטער איז אין ערפורט אין זאקסען; ער ווייס איך קען ניט רוהען; דערפאר שיקט ער מיך ארום, וואו מען קען עפּעס טהון. איך געה צום בישאָף פון קאָנסטאנץ.

גערטץ.

איך ווינש אייך גליק.

מארטין.

דאס זעלבע פאר אייך.

געטץ.

וואס קוקט איהר מיך אזוי אָן, ברודער?

מאַרטין.

איך בין פערליעבט אין אייער פאַנצער.

געטץ.

וואָלט איהר חשק געהאַט צו אזעלכען? עס איז א משא כבדה איהם צו דערטראָגען.

מאַרטין.

וואס איז ניט שווער אין דיעזער וועלט! מיר איז קיין זאַך ניט שווערער ווי ניט צו דארפען זיין א מענש. אָרעמקייט, צניעות און געהאָרכזאמקייט — דריי נדרים, וועלכע זיינען איינציג און צוזאמען ניט צום דערטראָגען. און אזוי דארף מען דאס גאנצע לעבען זיין אונטער דיעזער לאַסט, אדער מוטהלאָז פרייכען אונטער דער דריקענדער משא פון דעם געוויסען. אַך, הערר! וואס בעטרעפען די אָנשטרענגונגען פון אייער לעבען געגען די יעמערליכקייטען פון א קלאַסע, וועלכע רעכענט, אז די נאַטורען דורך וועלכע מיר וואקסען און בליהען, געפעלען ניט גאָט און דערפאר ווערען דיעזע פערדאמט?

געטץ.

ווען א נדר וואָלט ניט געווען אזוי היילינ, וואָלט איך אייך אָנגערעדט אָנצוטהאָן א פאַנצער, איך וואָלט אייך געגעבען א פערד און מיר וואָלטען צוזאמען געגאַנגען.

מאַרטין.

הלואי וואָלט מיר גאָט געגעבען כח, אז מיינע שולטער זאָלען קענען טראָגען א פאַנצער, און מיין אָרעם זאָל האבען שטאַרקייט צו קענען דערשטעכען א שונא פון פערד! — אָרעמע, שוואכע האנד! געוואָהנט פון תמיד צו טראָגען צלמים און פריעדענס-פאָהנען און ארומדרעהען א געפעס מיט קטורת, אַך, ווי דו וואָלסט רעגיערט דאס שווערט מיט דער שפיעז! מיין שטימע, וואס איז אָבגעריכטעט בלויז

צו „אווע" און „הללויה," וואָלט פאַר'ן פיינד געווען א סימן פון מיין שוואַכקייט. קיין נדר זאָל מיך אָבהאַלטען וויעדער אריינצוטרעטען אין דעם אָרדען, וואס מיין בעשעפער אליין האט געגרינדעט!

געטץ.

גליקליכע וויעדערקעהר!

מאַרטין.

דאס טרינק איך נאָר פאר אייך. וויעדערקעהרען אין מיין שטייג איז תמיד אונגליקליך. מיין הערר, ווען איהר וועט וויעדערקעהרען אין אייערע מויערן, מיט דעם בעוואוסטזיין פון אייער מוטה און גבורה, וואס קיין מיעדקייט קען אָבהאַלטען, און איהר וועט, צום ערשטען מאָל, נאָך א לאַנגער צייט זיין זיכער פון די שונאים איבעראל, און איהר וועט זיך ענטוואפענט אויסשטרעקען אויף אייער בעט און זיך אויסציהען צום שלאָף, וועט דאס אייך בעסער שמעקען, ווי מיר דער טרונק נאָך לאַנגען דורשט; דאן קענט איהר ערשט וויסען פון גליק!

געטץ.

דערפאר קומט עס אויך זעלטען.

מאַרטין (ווארעמער:)

און ווען עס קומט, איז עס א פאָרגעשמאַק פון הימעל. — ווען איהר קומט צוריק מיט דער עראָבערונג פון אייערע שונאים און איהר דערמאָהנט זיך, אז דעם האט איהר ארונטערגעשטאָכען פון פערד נאָך איידער ער האט געקענט שיעסען, דעם צווייטען האט איהר צוזאמען מיט'ן פערד דערשלאָגען, און דאן זייט איהר געריטען ארויף צום שלאָס און —

געטץ.

וואס מיינט איהר?

מאַרטין.

און אייערע ווייבער! (ער גיסט אריין:) לחיים, אויף דער געזונדהייט פון אייער פרוי. (ער ווישט זיך די אויגען:) איהר האט דאָך א פרוי?

געטץ.

אן ערעלע, פּארטרעפליכע פרוי!

מאַרטין.

וואויל דעם, וואס האט א טוגענדהאפטע פרוי, דערפאר לעבט ער נאָך אמאָל אזוי לאנג. איך קען ניט די ווייבער; און דאָך איז די פרוי געוועזן די קרוין פון דער שעפפונג.

געטץ (צו זיך:)

דאס געפיהל פון זיין שטאנד צורייסט איהם דאס הארץ. ער איז מיך מקנא.

געאָרג (ארייינגעשפרונגען:)

הערר! איך הער פערד גאלאָפּירען! צוויי, דאס זיינען זיי געוויס!

געטץ.

פיהר ארוים מיין פערד. האנס זאָל זיך אויפזעטצען. לעבט וואָהל, טהייערער ברודער, גאָט זאָל אייך בעגלייטען. זייט מוטהיג און געדולדיג, גאָט וועט אייך דערפאר בעלוינען.

מאַרטין.

איך בעט אייך איהר זאָלט מיר זאָגען אייער נאָמען.

געטץ.

פערצייהעט מיר. לעבט וואָהל! (ער גיט איהם די לינקע האנד.)

מאַרטין.

פאר וואס עפּעס די לינקע? בין איך ניט ווערטה די ריטערליכע רעכטע האנד?

געטץ.

איהר זאָלט אפילו זיין דער קייזער וואָלט איהר געמוזט דערמיט צופריעדען זיין. מיין רעכטע האנד, כאָטש זי איז אין קריעג צום גע־ברויכען, פיהלט זי אבער ניט דעם דרוק פון ליעבע; זי איז איינס מיט איהר האנדשוה, ער איז אייזען.

מאַרטין.

אויב אזוי, דאַן זייט איהר געטץ פון בערליכינגען! איך דאַנק דיר גאָט, וואס דו האָסט מיך געפיהרט איהם צו זעהען; אָט דיעזען מאַן וועמען די פירסטען האסען און צו וועמען די אונטערדריקטע ווענדען זיך. (ער נעהמט זיין רעכטע האנד.) לאָזט מיר דיעזע האנד, לאָזט מיך זי קושען!

געטץ.

דאס זאָלט איהר ניט טהון.

מאַרטין.

לאָזט מיך! דו, וואס האָסט מעהר ווערטה ווי יענע האנד, דורך וועלכער דאס הייליגסטע בלוט האט געפלאָסען, טויטער ווערקצייג, בעלעבט דורך דעם גייסט פון פערטרויען אויף גאָט!

געטץ.

(טהוט אָן דעם פאַנצער און נעהמט די שפּיעז.)

מאַרטין.

ביי אונז איז געוועזן א מאַנאַך מיט יאָהרען צוריק, וועלכער האט אייך בעזוכט, ווען אייער האנד איז אָבגעשאָסען געוואָרען. לויט ווי ער האט אונז דערצעהלט, האט איהר שרעקליך געליטען און עס האט אייך שטאַרק געשמערצט צו וויסען, אין אייער ראַנג, אז איהר פערבלייבט אזא קאַליקע; דאַן, ווי אייך איז איינגעפאַלען, אז איהר האט געהערט פון איינעם, וואס האט אויך געהאט בלויז איין האנד און ווי אזוי ער איז דאָך געוואָרען א העלדישער ריטער — איך וועל דאס קיינמאָל ניט פערגעסען.

די צוויי קנעכט קומען.

געטץ.

(וואַרפט זיך צו זיי, רעדען בסוד.)

מאַרטין (רעדט ווייטער:)

איך וועל דאס קיינמאָל ניט פערגעסען, ווי אזוי ער האט גע־

זאָגט אין ערעלסטען און איינפאַכסטען בטחון אויף גאָט: „און ווען איך זאָל אפילו האבען צוועלף הענד און דיין חסד זאָל זיך פון מיר אָבטהון, וואס װעלען זיי מיר נוטצען? אזוי קען איך מיט איינער" —

געטץ.

אַלזאָ, אין דעם האַלזלאַכער וואלד. (ווענדעט זיך צו מארטין:) לעבט וואָהל, ווערטהער ברודער מארטין! (קושט איהם.)

מארטין.

פערגעסט ניט אָן מיר ווי איך װעל אָן אייך ניט פערגעסען.

(געטץ אָב.)

מארטין.

ווי מיר האט עס צוזאַמענגעדריקט מיין הארץ ווען איך האב איהם געזעהען. ער האט גאָר ניט גערעדט, און מיין גייסט האט זיך געקענט אונטערשיידען דעם זייניגען. עס איז א נחת רוח צו זעהען א גרויסען מאַן.

געאָרג.

עהרווירדיגער הערר, איהר שלאָפט דאָך ביי אונז?

מארטין.

קען איך דאָ קריעגען א בעט?

געאָרג.

ניין, הערר! איך קען בעטען בלויז פון הערען און דערצעהלען. ביי אונז איז ניטאָ מעהר ווי שטרוי.

מארטין.

אויך גוט. ווי הייסטו?

געאָרג.

געאָרג, עהרווירדיגער הערר!

מארטין.

געאָרג, דו האָסט א הייליגען בעשיטצער, (דעם הייליגען געאָרג).

געאָרג.

איהר זאָגט, אז ער איז געוועזן א ריטער. איך וויל עס אויך זיין.

מארטין.

ווארט. (נעהמט ארויס א געבעטבוך און פון דאָרט א הייליגעס בילד:) אָט דאָ האָסטו איהם. פאָלג נאָך זיין ביישפּיעל, זיי בראוו און האב מורא פאר גאָט. (מארטין געהט.)

געאָרג.

אויך א שעהנעס פערד! ווען איך זאָל נאָר אמאָל האבען אזעל־כען! און די גאָלדענע צוים! — דאָ זעה איך א מיאוס'ן דראגאָן! — יעצט שיס איך קליינע פייגעלעך — הייליגער געאָרג! מאך מיך גרויס און שטארק, גיב מיר א שפּיעז, צוים און פערד, דאן מעגען קומען די דראגאָנען!

---

# יארטהאוזען

## געטץ'ס פעסטונג.

---

עליזאבעטה, מאריא, קארל, (זיין זוהן).

קארל.

איך בעט דיך, ליעבע מוהמע, דערצעהל מיר נאָך אמאָל פון דעם פרומען קינד, עס איז אזוי שעהן.

מאריא.

דערצעהל דו עס מיר, קליינער שייגעץ, וועל איך הערען אויב דו פאסט אויף איבער דעם וואס איך זאָג.

קארל.

ווארט אביסעל, איך וועל מיך דערמאָהנען. — עס איז אמאָל

געוועזן — יא, — עס איז אמאָל געוועזן א קינד, און זיין מוטער איז געוועזן קראנק; איז דאס קינד געגאנגען אהין —

מאַריאַ.

ניין, ניט אזוי. האט די מוטער געזאָגט: „ליעבעס קינד״ —

קאַרל.

„איך בין קראנק״ —

מאַריאַ.

„און קען ניט ארויסגעהען״ —

קאַרל.

און איהם געגעבען געלד און געזאָגט: „געה אהין און נעהם דיר דיין פריהשטיק.״ איז געקומען אַן אָרעמער מאַן —

מאַריאַ.

דאס קינד איז געגאנגען, האט ער בעגעגענט אַן אַלטען מאַן, ער איז געוועזן — נו, קאַרל!

קאַרל.

ער איז געוועזן — אַלט —

מאַריאַ.

געוויס! ער האט נאָר קוים געקענט געהען, און ער האט געזאָגט: „ליעבעס קינד״ —

קאַרל.

„שיינק מיר עפּעס, איך האב ניט געגעסען קיין ברויט נעכטען און היינט.״ האט איהם דאס קינד געגעבען געלד.

מאַריאַ.

אז עס זאָל זיין פאר א פריהשטיק.

קאַרל.

האט געזאָגט דער אַלטער מאַן —

מאַריאַ.

האט דער אַלטער מאַן גענומען דאס קינד —

קאַרל.

ביי דער האַנד. — און איז געוואָרען א שעהנער און גלענצענ־דער הייליגער, און געזאָגט: „ליעבעס קינד" —

מאַריאַ.

„פאר דיין וואָהלטהעטיגקייט, בעלוינט דיך גאָט'ס מאַמע דורך מיר; וועלכען קראַנקען דו וועסט אָנריהרען" —

קאַרל.

„מיט דער האַנד" — עס איז געוועזן די רעכטע, גלויב איך.

מאַריאַ.

יא.

קאַרל.

„יענער וועט גלייך געזונד ווערען."

מאַריאַ.

דאַן איז דאס קינד אהיים געלאָפען און ניט געקענט רעדען פאר פרייד —

קאַרל.

און איז געפאַלען זיין מוטער אויפ'ן האַלז און געוויינט פאר פרייד —

מאַריאַ.

האט די מוטער אויסגעשריען: „וואס איז געשעהען?" און איז — נו, קאַרל!

קאַרל.

און איז — און איז —

מאַריאַ.

גיסט שוין ווידער ניט אכטונג! און איז געזונד געוואָרען. און

דאס קינד האט קורירט דעם קעניג און דעם קייזער, און איז אזוי רייך געוואָרען, אז עס האט אויסגעבויעט א גרויסען קלויסטער.

עליזאַבעטה.

איך קען ניט פערשטעהען וואו מיין הערר בלייבט. שוין פינף טעג און פינף נעכט, ווי ער איז אוועק, און ער האט געהאָפט באלד דורכצופיהרען זיין פּלאן.

מאַריא.

מיך ערגערט עס שוין פון לאנג. ווען איך זאָל האבען אזא מאן, וועלכער שטעלט זיך אימער איין זיין לעבען, וואָלט איך אין ערשטען יאָהר געשטאָרבען.

עליזאַבעטה.

דערפאר דאנק איך טאקי גאָט, וואס ער האט מיר געמאכט פון א הארטערען מאטעריאל.

קאַרל.

דארף דען דער פאָטער אויסרייטען, ווען עס איז אזוי געפעהר־ליך?

מאַריא.

ער טהוט אזוי פון זיין אייגענעם גוטען ווילען.

עליזאַבעטה.

מיין ליעבער קאַרל, וואס ער טהוט, מוז ער טהון.

קאַרל.

ווארום?

עליזאַבעטה.

ווייסטו ניט, ווען ער האט דאס לעצטע מאָל אויסגעריטען, האט ער דיר מיטגעבראכט שפּיעלערייען?

קאַרל.

וועט ער מיר ווידער ברענגען?

עליזאבעטה.

איך גלויב אזוי. זעהסטו, מיין קינד, עס איז געוועזן א שניידער אין שטוטגארט, איז ער געוועזן אן אויסגעצייכענטער בויגען־שיסער, און אין קעלן, ביי א שיס־וועט, האט ער געוואונען דעם ערשטען פרייז.

קארל.

איז דאס געוועזן פיעל?

עליזאבעטה.

הונדערט טהאלער. אבער נאך דעם האט מען עס איהם ניט גע־וואלט געבען.

מאריא.

פע, דאס איז געוועזן מיאוס, קארל?

קארל.

מיאוס'ע לייט.

עליזאבעטה.

איז געקומען דער שניידער צו דיין פאטער און איהם געבעטען ער זאל איהם העלפען איינמאהנען דאס געלד. דאן איז ער אויסגעריי־טען, אוועקגענומען ביי די קעלנער צוויי סוחרים און זיי אזוי לאנג געפלאגט, ביז זיי האבען געמוזט ארויסגעבען דאס געלד. וואלסטו אויך ניט ארויסגעריטען?

קארל.

ניין! מען מוז דאך פאהרען דורך א געדיכטען וואלד, וואו עס געפינען זיך ציגיינער און מכשפות.

עליזאבעטה.

א בראווער יונג האט קיין מורא ניט פאר קיין מכשפות.

מאריא.

דו וועסט בעסער טהון, קארל, דו וועסט וואוינען אין דיין שלאס, אלס א פרומער קריסטליכער ריטער. אויף די אייגענע גיטער געפינט

מען גענוג געלעגענהייט צו טהון גוטס. די רעכטשאפענדע ריטער, אויף זייערע רייזען, בעגעהען זיי מעהר אונגערעכטיגקייט ווי גע־רעכטיגקייט.

עליזאבעטה.

שוועסטער, דו ווייסט ניט וואס דו רעדסט. גאָט זאָל נאָר העל־פען, אז אונזער קינד זאָל מיט דער צייט ווערען בראווער און ניט נאָכטאנצען ווייזלינגען, וועלכער האנדעלט אזוי פאלש געגען מיין מאן.

מאריא.

לאָמיר, עליזאבעטה, ניט אורטהיילען. מיין ברודער איז זעהר ערביטערט, דו אויך. איך בין ביי דער גאנצער געשיכטע מעהר צו־שויער און קען דערפאר זיין אונפּארטייאיש.

עליזאבעטה.

מען קען איהם גאָר ניט ענטשולדיגען.

מאריא.

וואס איך האב פון איהם געהערט, האט מיך איבערצייגט. האט דיין מאן אליין ניט דערצעהלט אזוי פיעל ליעבעס און גוטעס פון איהם? ווי גליקליך איז געוועזן זייער יוגענד, ווען זיי זיינען געוועזן צו־זאמען די עדעל־יונגען פון דעם מארקגראף!

עליזאבעטה.

דאס קען שוין זיין. זאָג מיר נאָר, איך בעט דיך, וואס פאר א גוטס קען ליעגען אין אזא מענשען, וועלכער אינטריגירט געגען טריי־עסטען פריינד, וועלכער פערקויפט זיינע דיענסטע צום שונא פון מיין מאן, און אונזער גוטען קייזער, וועלכער איז אונז גנעדיג, זוכט ער צו געווינען דורך שקרים?

קארל.

דער פאטער! דער פאטער! דער טהיר־וועכטער בלאָזט דאס ליעדעל: „העי, דאָרט, מאכט אויף דעם טויער!״

עליזאַבעטה.

דאָרט קומט ער מיט עראָבערונג.

איין רייטער קומט.

מיר האבען געיאָגט, מיר האבען געפאנגען! גאָט זאָל אייך גריסען,עדעלע פרויען!

עליזאַבעטה.

האט איהר געכאַפּט ווייזלינגען?

רייטער.

איהם מיט דריי רייטער!

עליזאַבעטה.

וואס איז געווען, ווארום איהר זייט אזוי לאַנג אויסגעבליעבען?

רייטער.

מיר האבען אויף איהם געלויערט צווישען נירענבערג און באַמ־בערג, אבער ער האט ניט געוואָלט קומען, און מיר האבען דאָך גע־וואוסט, אז ער איז אויפ'ן וועג. ענדליך האבען מיר זיך נאָך איהם נאָכגעפרעגט, ער איז אוועק אויף א זייטען־וועג, און איז זיך גאַנץ רוהיג געזעסען ביים גראף פון שווארצענבערג.

עליזאַבעטה.

אויך איהם האבען זיי געמאַכט ער זאָל פיינד האבען מיין מאַן.

רייטער.

איך האב עס גלייך געזאָגט מיין הערר. אוועק! און מיר זיינען געריטען דורך'ן האזלאכער וואַלד. און דאָרט איז עס געווען מערק־ווירדיג; אזוי ווי עס איז נאַכט געוואָרען, האבען מיר בעגעגענט א פּאסטוך, וועמעס שאָף זיינען בעפאַלען געוואָרען פון פינף וועלף. אונזער הערר האט געלאַכט און געזאָגט: „עס איז א סימן פון גליק, מיינע יונגען!" אונז האט געפרייט דער גוטער סימן. אזוי רעדענדיג איז ווייזלינגען אַנגעקומען צו רייטען מיט פיער קנעכט.

מאַריאַ.

דאס הארץ ציטערט מיר אין לייב.

רייטער.

איך און מיין קאמעראד, ווי דער הערר האט בעפוילען, האבען זיך צוגעקלעפּט צו ווייזלינגען, פּונקט ווי מיר וואָלטען געוועזן צו־זאַמענגעוואַקסען, דער הערר און האַנס זיינען בעפאלען זיינע קנעכט און זיי געפאַנגען. איינער איז ענטלאָפען.

עליזאַבעטה.

איך בין נייגיעריג איהם צו זעהען. קומען זיי באַלד?

רייטער.

זיי רייטען ארויף דעם טהאָל, אין א פערטעל שטונדע וועלען זיי זיין דאָ.

מאַריאַ.

ער מוז אודאי זיין ניעדערגעשלאָגען.

רייטער.

ער זעהט אוים גענוג פינסטער.

מאַריאַ.

זיין אנבליק וועט מיר וועה טהון אין הארצען.

עליזאַבעטה.

אך! — לאָמיך בעסער געהען באַלד צורעכט מאכען דאס עסען. זיי זיינען געוויס אַלע הונגעריג.

רייטער.

נאָך אזוי הונגעריג!

עליזאַבעטה.

נעהם די קעלער־שליסעל און ברענג ארוים דעם בעסטען וויין, זיי האבען איהם פערדיענט. (אָב.)

קארל.

איך וויל מיטגעהען, טאנטע.

מאריא.

קום, קינד. (אב.)

רייטער.

ער איז ניט געראטהען אין זיין פאטער, זאנסט וואלט ער גע־גאנגען אין שטאל אריין.

---

געטץ, ווייזלינגען, רייטער־קנעכט.

געטץ.

(לעגענדיג דעם הוט און שווערט אויפ'ן טיש:) שנעלט מיר אויף דעם פאנצער און גיט מיר מיין ראק. די בעקוועמליכקייט וועט מיר טהון גוטס. ברודער מארטין, דו האסט געהאט רעכט, ווען דו האסט געזאגט — ווייזלינגען, איהר האט אונז געהאלטען אין אטהעם.

ווייזלינגען.

(ענטפערט ניט, געהענדיג אויף און אב.)

געטץ.

פערלירט ניט דעם מוטה. קומט, ענטוואפענט אייך. וואו זיינען אייערע קליידער? איך וויל האפען, אז עס איז גאר ניט פערלארען געגאנגען. (צום קנעכט:) פרעגט זיינע קנעכט, עפענט דאס געפעק און זעהט, אז עס זאל גאר ניט פעהלען. איך וואלט אייך געקענט דער־וויל בארגען פון די מייניגע.

ווייזלינגען.

לאזט מיך אזוי, עס איז אלץ איינס.

געטץ.

איך וואלט אייך געקענט געבען א פיינעם און זויבערען בגד,

ער איז אפילו בלויז פון ליינען. מיר איז עס צו ענג געוואָרען. איך האָב עס געטראָגען אויף דער חתונה פון מיין גנעדיגען הערר דעם פפאלצגראף, גראדע דאמאָלס ווען אייער בישאָף איז געווען אזוי גיפטיג געגען מיר. איך האב איהם, מיט פערצעהן טעג פריהער, צוויי שיפען ניעדערגעוואָרפען אויף דעם מאַין, און איך געה מיר מיט פראַנצען פון זיקינגען ארויף די טרעפּ פון דעםווירטסהויז צום הירש אין היידעלבערג. איידער מען קומט נאָך ארויף גאַנץ אויבען, געפינט זיך אַן אָבזאַטץ און אַן אייזערנע פּארענטשעלע, דאָרט איז געשטאַנען דער בישאָף און געגעבען פראַנצ'ן די האַנד, ווי ער איז פארבייגעגאַנגען, און זי מיר אויך געגעבען ווי איך בין אָנגעקומען פון הינטען. איך האב געלאַכט אין מיין האַרצען און בין מיר געגאַנגען צום לאַנדגראף פון האַנאו, וועלכער איז מיר געווען גאַנץ ליעב, און געזאָגט: דער בישאָף האט מיר געגעבען די האַנד, איך וועטט ער האט מיך ניט דערקענט." דאס האט געהערט דער בישאָף, ווייל איך האב אוממיסטען גערעדט הויך, און רעדענדיג להכעיס'דיג, האט ער געזאָגט: „טאַקי דערפאר ווייל איך האב אייך ניט דערקענט, האב איך אייך געגעבען די האַנד." דאַן האב איך געענטפערט: „גוט, איך מערק עס מיר, עס איז ווייל איהר האט מיך ניט דערקענט, דער־פאר גיב איך אייך צוריק די האַנד." אָט דערביי איז דער חברה מאַן רויט געוואָרען פאר צאָרן אויפ'ן האלז פונקט ווי א ראַק. ער איז ארייגעלאָפען אין שטוב צום פפאלצגראף לודוויג און צום פירסט פון נאַסאַו, און מיך פאר זיי פערקלאָגט. נאָכדעם האבען מיר אָפט דאריבער זיך אמוזירט.

ווייזלינגען.

איך וואָלט וועלען איהר זאָלט מיך צורוה לאָזען.

געטץ.

פאר וואס? איך בעט אייך, זייט רוהיג. איהר זייט אין מיין געוואלט, און איך וועל דיעזע געוואלט ניט מיסברויכען.

ווייזלינגען.

דאס האט מיך גאָר ניט בעזאָרגט. דאס איז אייער ריטער־פליכט.

געטץ.

און איהר ווייסט, אז זי איז מיר הייליג.

וויזלינגען.

איך בין געפאנגען; דאס איבריגע איז מיר אלץ איינס.

געטץ.

איהר זאלט אזוי ניט רעדען. ווען איהר וואלט צו טהון געהאט מיט פירסטען און זיי וואלטען אייך אויפגעהאנגען אין טהורם מיט קייטען, וואלט דער וועכטער אייך געמוזט אוועקפייפען דעם שלאף,

(די קנעכט ערשיינען מיט די קליידער.)

וויזלינגען.

(ציהט זיך אויס איינערליי קליידער און טהוט אן די אנדערע.)

קארל (ערשיינט:)

גוט מארגען, פאטער.

געטץ (קושט איהם).

גוט מארגען, מיין קינד. ווי האסטו עס עפעס דא פערבראכט?

קארל.

זעהר פלייסיג, פאטער! די טאנטע זאגט, אז איך בין זעהר פלייסיג.

געטץ.

אזוי?

קארל.

האסטו מיר עפעס מיטגעבראכט?

געטץ.

היינטיגעס מאל גאר ניט.

קארל.

איך האב פיעל געלערענט.

געטץ.

טאקי!

קארל.

זאל איך דיר עפּעס דערצעהלען פון פרומען קינד?

געטץ.

נאך'ן עסען.

קארל.

איך ווייס נאך עפּעס.

געטץ.

און וואס איז דאס?

קארל.

יארטהויזען איז א דאָרף און א שלאָס ביי דער יארט, געהערט זייט צוויי הונדערט יאָהר דעם הערר פון בערליכינגען בירושה און מיט רעכט.

געטץ.

קענסטו דעם הערר פון בערליכינגען?

קארל.

(קוקט איהם אָן גלייך אין די אויגען.)

געטץ (צו זיך:)

עס ווייזט אויס, אז פון פיעל געלעהרזאמקייט, דערקענט ער גאָר ניט זיין אייגענעם פאָטער. צו וועמען געהערט יארטהויזען?

קארל.

יארטהויזען איז א דאָרף און שלאָס אויף דער יארט.

געטץ.

דאס פרעג איך ניט. איך האב פריהער געקענט יעדע סטעזשקע, וועגען און ליקען, איידער איך האב געוואוסט ווי דער טייך, דאָרף און בורג הייסען. איז די מוטער אין קיך?

קארל.

יא, פאטער. זי קאָכט ווייסע ריבען און א לאַמסבראטען.

געטץ.

ווייסטו דאס אויך, מיין קיכענמייסטער?

קארל.

און פאר מיר, אלס צושפייז, האט די טאנטע אָבגעבראָטען אַן עפּעל.

געטץ.

קענסטו ניט עסען קיין עפּעל רויערהייט?

קארל.

געבראָטען שמעקט עס בעסער.

געטץ.

דו מוזט אימער האבען עפּעס בעזונדערעס. — ווייזלינגען, באלד בין איך ווידער נעבען אייך. איך מוז פריהער זעהען מיין פרוי. קום מיט, קארל.

קארל.

ווער איז דער מאַן?

געטץ.

גרים איהם. בעט איהם ער זאָל זיין לוסטיג.

קארל.

דאָ, מאַן, האָסטו מיין האַנד! זיי לוסטיג, דאס עסען איז באלד פארטיג.

ווייזלינגען.

(הויבט איהם אויף אין דער הויך און קושט איהם:) גליקליכעס קינד! וואס קען קיין אַנדערעס שלעכטעס, אויסער ווען די זופּ האט זיך פערשפּעטיגט. בערליכינגען, גאָט זאָל געבען איהר זאָלט זיך דערלעבען פיעל פרייד אָן איהם.

געטץ.

דאָרט וואו עס איז דאָ פיעל ליכט, איז אויך א שטאַרקער שאָטען — דאָך וואָלט עס מיר געווען ווילקאָמען. זאָל עס זיין וואס עס ווילט זיך.

(ביידע געהען.)

וויזלינגען.

אך, ווען איך זאָל ערוואַכען און דאס אלעס זאָל זיין א חלום! אין דער געוואַלט פון בערליכינגען, פון וועמען איך האב מיך קוים ארויסגעארבייט, וועמעס אנדענקען איך האב אויסגעמיעדען ווי פייער און געהאָפט דאס צו איבערוועלטיגען! און ער, דער אלטער געטרייער געטץ! הייליגער גאָט, וואס וועט פון דעם אלעמען ווערען? צוריק־געפיהרט, אדעלבערט, אין דעם זאַאל, וואו מיר האבען, אלס אינגלעך, בעטריעבען די יוגענד — און דו האָסט איהם געליעבט און געקלעפּט צו איהם ווי צו דיין אייגענער נשמה. ווער קען דען זיין נאָהענט צו איהם און איהם האַסען? אך, ווי איך פּאַס מעהר ניט אהער! גליק־ליכע צייטען, איהר זייט שוין פארביי, דאמאָלס ווען דער אלטער בערליכינגען איז נאָך דאָ געזעסען ביים קאַמין, בשעת מיר האבען זיך געשפּיעלט ארום איהם און אונז געליעבט ווי די מלאכים. ווי ועלען זיך דאס דער בישאָף און מיינע פריינד ערגערען! איך וויים, אז דאס גאַנצע לאַנד נעהמט אנטהייל אין מיין אונגליק. וואס איז עס? קענען זיי עס מיר געבען נאָך וואס איך שטרעב?

געטץ.

(מיט א פלאַש וויין און בעכער:) ביז דאס עסען וועט פארטיג ווערען, וועלען מיר דערוויילע עפּעס טרינקען. קומט, זעצט זיך, זאָל זיך אייך דאַכטען, אז איהר זייט ביי זיך אין דער היים. דענקט, אז איהר זייט ווידער ביים געטץ. מיר זיינען שוין לאַנג ניט געזעסען צוזאַמען, שוין לאַנג ניט אויסגעטרונקען צוזאַמען א פלאַש וויין. (דערלאַנגט איהם א בעכער וויין.) א פרעהליכעס האַרץ!

וויזלינגען.

די צייטען זיינען שוין פארביי.

געטץ.

בעהיטע גאָט! שטאַרק פרעהליכע טעג װעלען מיר שוין אפילו ניט האבען, דאס הייסט, אזעלכע טעג װי אין הויף פון דעם מאַרקגראַף, װען מיר פלעגען שלאָפען צוזאַמען און ארומלויפען. איך עראינער מיך מיט פרייד אָן מיין יוגענד. געדענקט איהר נאָך װי איך פלעג מיך מיט דעם פּאָלאַק ארומרייסען?

װייזלינגען.

איינמאָל איז עס געװען ביים טיש, װען ער האט אייך געװאָלט דערשטעכען מיט א מעסער.

געטץ.

איך האב דאס ארויסגעשלאָגען פון זיין האנד. נאָכדעם זייט איהר געװאָרען אוים חבר מיט איהם. מיר האבען זיך תמיד געהאַלטען צו־זאַמען װי גוטע און בראַװע יונגען, דערפאר האט אונז אויך יעדער אנערקענט. (גיסט אריין און דערלאַנגט.) קאָסטאָר און פּאַללור! מיך האט עס תמיד געפרייט, װען דער מאַרקגראַף האט אונז אַזוי גע־רופען.

װייזלינגען.

דער בישאָף פון װירצבורג האט דאס אויסגעטראַכט.

געטץ.

ער איז געװען א געלערענטער מענש און דערביי אויך לייטזעליג. כל־זמן איך װעל לעבען װעל איך מיך עראינערען אָן איהם, װי אזוי ער האט אונז ליעב געהאט, געלויבט אונזער אויפפיהרונג, און גע־האַלטען פאר גליקליך יענעם, װעלכער איז געװאָרען א צװילינגס־ברו־דער פון זיינע פריינד.

װייזלינגען.

גענוג דאריבער!

געטץ.

פאר װאס ניט? נאָך דער ארבייט קען איך קיין אנגענעהמערע זאַך ניט טהון װי זיך דערמאָהנען אָן מיין פערגאַנגענהייט. נאַטירליך,

ווען איך דערמאָהן זיך ווי מיר האבען צוזאַמען געטראָגען לייד און פרייד, ווי מיר זיינען זיך געווען אַלעס איינער צום צווייטען, און ווי איך האב מיר דאמאָלס געוואונשען עס זאָל תמיד אזוי זיין! איז דאס ניט געווען מיין גאַנצע טרייסט, ווען דיעזע האַנד איז מיר אָב־געשאָסען געוואָרען ביי לאַנדסהוט, און דו האָסט מיך געפּפלעגט און דו ביסט מיר געווען מעהר ווי א ברודער? איך האב געהאָפט, אז אין דער צוקונפט וועט אדעלבערג זיין מיין רעכטע האַנד. און יעצט —

## וויזלינגען.

אָה!

## געטץ.

ווען דו וואָלסט מיך דאמאָלס געפאָלגט, ווען איך האב דיר פאַר־געשלאָגען צו געהען נאָך בראַבאַנט, וואָלט אַלעס געבליעבען גוט. אבער דיך האט צוריקגעהאַלטען דאס אונגליקליכע הויפלעבען און די נאַררישקייטען מיט די ווייבער. איך האב עס דיר אימער געזאָגט, אז ווען דו וועסט דיך אָבגעבען מיט נאַררישקייטען, דערצעהלען די ווייבער פון ניט געלונגענע חתונות, פערפיהרטע מיידלעך, און נאָך אזעלכע זאכען, וועסטו ווערען א לומפּ.

## וויזלינגען.

אבער צו וואס טויג דאס אַלעס?

## געטץ.

הלואי וואָלט איך דאס פערגעסען, אדער עס וואָלט אַנדערש געווען. ביסטו ניט פּונקט אזוי פריי און אזוי עדעל געבוירען ווי איר־גענד איינער אין דייטשלאַנד? ביסטו ניט אזוי אונאבהענגיג, בלויז אונטערטהאן צום קייזער, און דאָך ווארפסטו דיך אונטער אונטער־וואָרפענע? וואס האָסטו פון דעם בישאָף? ווייל ער איז דיין שכן? ווייל ער קען דיך רייצען? דו ערניעדריגסט דעם ווערטה פון א ריטער, וועלכער איז אבהענגיג בלויז פון גאָט, פון זיין קייזער און פון זיך זעלבסט! לעגסט דיך צו די פיס פון אן אייגענזיניגען, מקנא׳־דיגען גלח!

וויזלינגען.

לאָזט מיך אויך רעדען.

געטץ.

וואס האָסטו צו זאָגען?

וויזלינגען.

דו בעטראַכסט די פירסטען ווי דער וואָלף די פּאַסטיכער. און דאָך דארפסטו זיי בעליידיגען דערפאר, וואס זיי היטען אָב זייערע מענשען און זייערע לענדער? זיינען זיי דען זיכער אויף איין אויגענבליק פאר יענע ריטער, וועלכע בעפאַלען זייערע אונטערטהאַנען אויף די גאַסען און צושטערען זייערע דערפער און שלעסער? אויף דער אַנדערער זייט ווידער, ווען די לענדער פון אונזער טהייערען קייזער זאָלען אויסגעזעטצט ווערען צו געפאַהר פון דעם שונא און ער זאָל זיך ווענדען צו די פירסטענטראגער נאָך הילף בשעת זיי קענען זיך קוים אליין פערטהיידיגען זייער לעבען; איז עס ניט א גוטער גייסט, וועלכער רעדט זיי אָן זיך צו שאַפען מיטלען, צו בערוהיגען דייטשלאַנד, רעכט און גערעכטיגקייט איינצופיהרען און יעדען איינעם בעקענען מיט דער נאַטור פון דעם שונא? און דו, בערליכינגען, פערדענקסט אונז, וואס מיר געהען זיך בעשיטצען, אנשטאט דעם זיי זאָלען זיך ווענדען צו דער וויטער מאַיעסטעט, וואס קען זיך אליין ניט בעשיטצען?

געטץ.

יא, יא, איך פערשטעה, וויזלינגען. ווען די פירסטען וואָלטען טאַקי געוועזען ווי איהר שילדערט, וואָלטען מיר געהאט אלעס וואס מיר בעגעהרען, רוה און פריעדען! איך גלויב עס, דאס ווינשט יעדער רויב־פויגעל, אום צו קענען געניסען דעם רויב אין בעקוועמליכקייט. דאס וואָהלזיין פאר אלע! אָך, דאראיבער לאָזען זיי זיך גאָר ניט וואַקסען קיין גרויע האָאָר. און מיט אונזער קייזער שפּיעלען זיי אויף אַן אונאַנשטענדיגער ארט. ער מיינט גוט און וואָלט גערן געטהאָן נאָך בעסער. דאַן קומט יעדען טאָג עפּעס אַן אַנדערער שלימזל און מיינט אזוי אדער אזוי. און וויל ער בעגרייפט עפּעס געשווינד און

קען געשווינד בעפעהלען טויזענד הענד זיך צו בעוועגען, דערפאר מיינט ער, אז מען קען אויך אלעס געשווינד אויספיהרען. דאן ווערען ארויסגעגעבען בעפעהלען איבער בעפעהלען און איינער ווערט פער־געסען איבער דעם אנדערען. און וואס די פירסטען ווילען איבערהויפט איז, דאס זיי זאלען זיך פרייען מיט דער רוה און זיכערהייט פון לאנד ביז זיי זאלען קענען דעם שוואכען טרעטען מיט די פיס. איך וועל דארויף שווערען, אז ניט נאר איין פירסט דאנקט דערפאר, וואס דער טערק לאזט דעם קייזער דעם קאפ ניט אויפהויבען.

### וויילינגען.

איהר זעהט דאס אלעס פון אייער זייט.

### געטץ.

דאס טהוט יעדער. עס איז בלויז די פראגע, אויף וועלכער זייט ליכט און רעכט געפינט זיך און וועמעס אויפפיהרונגען בעהאלטען זיך פאר'ן ווייסען טאג.

### וויילינגען.

איהר מעגט רעדען, וואס איהר ווילט, איך בין דער געפאנ־גענער.

### געטץ.

ווען אייער געוויסען איז ריין, דאן זייט איהר פריי. אבער ווי איז עס צוגעגאנגען מיט'ן לאנד־פריעדען? איך ווייס נאר, אז אלס אינגעל פון זעכצעהן יאהר בין איך שוין געוועזן מיט'ן מארקגראף אויפ'ן רייכסטאג. וואס פאר א גרויסע מיילער די פירסטען האבען עס דארט געמאכט און די גלחים נאך גרעסערע. אייער בישאף האט פער־שריען דעם קייזער'ס אויערן. און יעצט נעהמט ער ביי מיר א יונג אוועק, ווען אונזערע מסחרים זיינען געשלאסען און איך דענק ניט קיין שלעכטס. איז ניט אלעס צווישען אונז געענדיגט? וואס האט ער מיט דעם יונג?

### וויילינגען.

עס איז געשעהען אהן זיין וויסען.

געטץ.

פאר וואס־זשע לאָזט ער איהם ניט פריי?

וויזלינגען.

ווייל ער האט זיך ניט אויפגעפיהרט ווי עס דארף צו זיין.

געטץ.

ניט ווי עס דארף צו זיין? ביי מיין שבועה שווער איך, אז ער האט געטהאָן ווי מען בעדארף. מיינט איהר, אז איך בין ערשט היינט געבוירען געוואָרען, אז איך זאָל ניט זעהען וואס עס טהוט זיך?

וויזלינגען.

איהר זייט איינגעבילדעט און טהוט אונז אונרעכט.

געטץ.

וויזלינגען, ווילט איהר וויסען דעם אמת? איך בין אייך א דאָרן אין אויג, אזוי קליין ווי איך בין, און דאס זעלבע איז מיט זיקינגען און זעלביטץ, ווייל מיר זיינען אלע ענטשלאָסען בעסער צו שטאַרבען, איידער עמיצען, אויסער גאָט, צו פערדאנקען פאר דער לופט וואס מיר אטהעמען איין; ווייל מיר ווילען קיינעם, אויסער דעם קייזער, ניט געבען אונזער טרייהייט. אזוי יאָגען זיי זיך ארום, פערשווארצען מיך ביים קייזער, ביי זייערע פריינד און ביי מיינע שכנים, און האַלטען אין איין שפּיאָנירען איבער מיר. זיי ווילען מיך פשוט אָבשאפען פון וועג. דערפאר האט איהר גענומען געפאַנגען מיין יונג, ווייל איהר האט געוואוסט, אז איך האב איהם ארויסגעשיקט צו זעהען וואס עס געהט פאָר; ער האט נאָך ניט געטהאָן וואס ער האט בעדארפט צו טהון, ווייל ער האט זיך צו אייך ניט פערראַטהען. און דו, וויזלינגען, ביסט זייער ווערקצייג!

וויזלינגען.

בערליכינגען!

געטץ.

קיין וואָרט מעהר דאריבער! איך בין א שונא פון ערקלערונ־

גען; מען בעטריגט אמאל זיך, אמאל דעם צווייטען, און אמאל ביידען.

קארל.

עסען, פאטער.

געטץ.

א פרעהליכע בשורה! — קומט. איך האף, אז די ווייבער וועלען אייך פרעהליך מאכען, איהר זייט אמאל געווען א ליעבהאבער. די מיידלעך האבען געוואוסט פון אייך פיעלעס צו דערצעהלען. קומט.

(אב.)

---

# דער בישאפליכער פאלאץ אין באמבערג

## דער שפייזע־זאאל.

בישאף פון באמבערג, אבט פון פולדא. אלעאריום.

ליעבעטראוט. הויפלייט.

(ביים טיש.)

(דער נאכטיש און די גרויסע בעכערס ווערען אריינגעטראגען.)

בישאף.

שטודירען יעצט פיעל דייטשע פון אדעל אין באלאנא?

אלעאריום.

פון אדעל און פון בירגערשטאנד. און ניט צו ריהמען, טראגען זיי אוועק דעם גרעסטען לויב. אין דער אקאדעמיע פלעגט זיין א שפריכווארט: „אזוי פלייסיג ווי א דייטשער פון אדעל.“ די בירגער־ליכע שיללער בעמיהען זיך דורך זייער גרויסען פלייס און טאלענט צו

ערזעטצען דאס, וואס זיי פעהלט דורך געבורט; די אדעליגע וויעדער שטרעבען זייער אנגעבוירענע ווירדע צו ערהאלטען דורך גלענצענדען פערדיענסט.

אבט.

אה!

ליעבעטראוט.

זעהט אוים מיר האבען זיך דערלעבט. אזוי פלייסיג ווי א דייטשער פון אדעל, האב איך נאך קיינמאל ניט געהערט.

אלעאריום.

יא, זיי זיינען די בעוואונדערונגען פון דער גאנצער אקאדעמיע. עטליכע פון די עלטערע און פלייסיגסטע וועלען צוריק קומען אלס דאקטוירים. דער קייזער וועט זיין גליקליך צו קענען מיט זיי בעזעטצען די ערשטע שטעלען.

בישאף.

דאס קען ניט פעהלען.

אבט.

קענט איהר ניט צום ביישפיעל איינעם — ער איז פון העססען—

אלעאריום.

עס זיינען דא פיעלע פון העססען.

אבט.

ער הייסט — ער איז — וואס עס קיינער פון אייך? זיין מוטער איז געוועזן איינע פון — אב! זיין פאטער האט נאר איין אויג — ער איז געוועזן מארשאל.

ליעבעטראוט.

פאן ווילדענהאלץ.

אבט.

געטראפען — פאן ווילדענהאלץ.

אלעאריוס.

איך קען איהם גוט, ער איז א יונגער מאַן פון פיעלע פעהיגקיי־טען. איבערהויפּט ריהמט מען איהם וועגען זיין כח אין ויכוחים.

אבט.

דאס האט ער גע׳ירשה׳ענט פון זיין מוטער.

ליעבעטראוט.

איהר מאַן האט זי אבער דערפאר קיינמאָל ניט געוואָלט ריהמען.

בישאָף.

ווי זאָגט איהר האט געהייסען דער קייזער, וואס האט אָנגע־שריעבען אייער קארפּוס יורים?

אלעאריוס.

יוסטינאַנוס.

בישאָף.

א פיינער מאַן! ער זאָל לאַנג לעבען!

אלעאריוס.

זיין אנדענקען! (זיי טרינקען.)

אבט.

דאס דארף זיין א שעהן בוך.

אלעאריוס.

מען קען עס זאָגאר אָנרופען א בוך איבער אלע ביכער; א זאמ־לונג פון אלערליי געזעטצע; ביי יעדען פאַל בערייט מיט א פסק דין, און וואס עס פעהלט, אדער עס איז קשה, געפינט מען אין די הוספות, מיט וועלכע די געלערענטע מענער האבען אויסגעפּוצט דאס פאָרטרעפ־ליכע ווערק.

אבט.

א זאמלונג פון געזעטצע! געוויס! דאָרט דארפען אויך זיין די עשרת הדברות.

אָלעאַריום.

אימפּליציטע, אבער ניט עקספּליציטע.

אבט.

דאס מיין איך אויך. דאס הייסט, אַז און פאר זיך, אָהן ווייטערע פּירושים.

בישאָף.

און דאס שעהנסטע איז, אזוי וואָלט געקענט א לאַנד לעבען אין זיכערער רוה און פריעדען, אבי מען זאָל עס נאָר גוט איינפיהרען און האַלטען ריכטיג אין דער האנד.

אָלעאַריום.

גאָר אָהן א פראגע.

בישאָף.

אלע רעכטס דאָקטוירים.

אָלעאַריום.

איך ועל וויסען ווי דאס צו ריהמען. (זיי טרינקען.) הלואי וואָלט מען אזוי גערעדט אין מיין פאטערלאַנד.

אבט.

פון וואנען זייט איהר דאס, הויכגעלערענטער הערר?

אָלעאַריום.

פון פראנקפורט אם מאין, אייערע עמינענץ צום דיענען!

בישאָף.

שטעהט איהר, הערען, דאַרט ניט פערשריעבען? ווי קומט דאס?

אָלעאַריום.

עס איז טאַקי זאָנדערבאַר. איך בין דאָרט געוועזן צו נעהמען מיין פאָטער'ס ירושה; אזוי גיך ווי דער פעבעל האט דערהערט, אז איך בין אַן אדוואָקאט, האט ער מיך געוואָלט פערשטיינען.

אבט.

גאָט זאָל שומר ומציל זיין!

אָלעאַריוס.

דער אדוואָקאטען־ראטה, וועלכער האט א גרויסען איינפלוס, איז בעזעטצט מיט לויטער אזעלכע מענשען, וואס פערשטעהען ניט די רוימישע רעכטע. מען גלויבט, אז עס איז גאנץ גענוג, דורך אלטער און נייער ערפאַהרונג זיך גענוי צו בעקענען מיט דעם אינערן און אויסערן צושטאנד פון דער שטאדט. אָט אזוי ווערען די בירגער און די נאכבארשאַפט געריכטעט, לויט אלטע קבלות און אייניגע גע־זעטצע.

אבט.

דאס איז גוט.

אָלעאַריוס.

אבער ניט לאַנג גענוג. דאס לעבען פון מענשען איז קורץ, און אין איין דור קומען פאַר אלערליי פעלע. א זאמלונג פון אזעלכע פעלע פון פיעלע יאָהרהונדערטע שטעלט צוזאמען אונזער געזעטצבוך. דאַן איז דער ווילען און די מיינונג פון די מענשען ניט בעשטענדיג; וואס איינעם דאכט זיך היינט אויס פאר רעכט, איז מאָרגען פון אַן אנדערן בעטראכט פאר ניט רעכט; אָט אזוי ווערט אונפערמיידליך א צומי־שונג און אונגערעכטיגקייט. דאס אלעס בעשטימען די געזעטצע, און די געזעטצע זיינען אונפערענדערליך.

אבט.

דאס איז געווים בעסער.

אָלעאַריוס.

דאס אנערקענט ניט דער פעבעל, וועלכער איז אזוי נייגיעריג אויף נייאיגקייטען, פעראבשייעט ער אויך דאס נייע, וועלכעס פיהרט איהם ארונטער פון אויסגעטרעטענעם וועג, אפילו ווען דאס איז בע־סער. זיי האַלטען, אז די אדוואָקאטען זיינען די פערפיהרער פון לאַנד, אז זיי זיינען בייטעל־שניידער, און זיי ווערען שטארק אין כעס, ווען איינער וויל זיך בעזעטצען צווישען זיי.

ליעבעטראוט.

איהר זייט פון פראנקפורט! איך בין דאָרט בעקאנט. ביי קייזער מאקסימיליאן׳ס קרוינונג, האבען מיר אייער חתן דאָרט אביסעל אמו־זירט. אייער נאָמען איז אָלעאריוס? אזעלכען האב איך ניט געקענט.

אָלעאַריוס.

מיין פאָטער האט געהייסען אָעלמאן. אום עס זאָל פּאַסען צו מיין טיטעל, האב איך מיר געענדערט דעם סוף פון נאָמען אין א לאַטיינישע פאָרמע, און דערפאר איז עס אָלעאריוס.

ליעבעטראוט.

איהר האט גוט געטהאָן, וואס איהר האט זיך איבערזעטצט. א נביא האט קיין ווערטה ניט אין זיין פאטערלאנד, מיט אייך וואָלט עס אויך אזוי געוועזן אין אייער מוטער־שפּראך.

אָלעאַריוס.

עס איז ניט געוועזן דערפאר.

ליעבעטראוט.

אַלע זאַכען האבען א פּאָאר אורזאכען.

אבט.

א נביא האט קיין ווערטה ניט אין זיין פאטערלאנד.

ליעבעטראוט.

ווייסט איהר עס אויך ווארום, מיין הויכווירדיגער הערר?

אבט.

ווייל ער איז דאָרט געבוירען און אויפגעצויגען געוואָרען.

ליעבעטראוט.

יא! דאס קען זיין איין אורזאכע. די אנדערע איז: ווייל, ביי א נאָהענטערע בעקאנטשאפט מיט די הערען, פערשווינדעט יעדער שיין פון עהרווירדיגקייט און הייליגקייט, וואס ליעגט, ווי געוועהנליך,

ווען מען שטעהט פון ווייטען; און דאן ווייזען אוים די נביאים אלס גאנץ געוועהנליכע ברואים.

אַלעאַריום.

עס ווייזט אוים, אז איהר זייט היינט בעשטעלט שפּעציעל צו זאָגען וואהרהייטען.

ליעבעטראַוט.

ווייל איך האב דערצו דאס הארץ און מיר פעהלט ניט קיין מויל.

אַלעאַריום.

אבער וואס איז נוגע געשיקליכקייט, דארף מען זי ערשט צו־פּאסען.

ליעבעטראַוט.

דרעהקעפּ פּאסען צו זיך וואוהין זיי קומען.

אַלעאַריום.

באדערם דערקענט מען אָן זייערע שירצען, און קיינער האט אויף זיי ניט קיין פּאראיבעל פאר זייער הוט. אום מען זאָל וויסען ווער איהר זייט, וואָלט עס גוט געווען איהר זאָלט טראָגען א היטעל פון טשערעפּאכע־דעקעל.

ליעבעטראַוט.

וואו האט איהר אויסגעשטודירט? מען דארף זעהען געוואָר ווע־רען ביי וועלכען קאַוואַל דאס איז געווען.

(בישאָף און אבט לאַכען.)

בישאָף.

רעדט פון עפּעס אנדערש! ניט אזוי היטציג, מיינע הערען. ביים טיש דארף עס זיין אנדערש. פאנגט אָן אן אנדערן ויכוח, ליעבע־טראַוט.

ליעבעטראַוט.

געגען פראנקפורט ליעגט א פּלאַטץ געגענאיבער, וואס הייסט זאַקסענהויזען —

אַלעאַריום (צום בישאָף:)

וואס הערט זיך עפּעס וועגען דעם צוג פון די טערקען, וואס ווייסט איהר עפּעס דערפון, אייערע פירסטליכע גנאדען?

בישאָף.

דער קייזער האט קיין וויכטיגערע זאַך פריהער ווי צו בערוהיגען דאס לאַנד, אָבצושאַפען די קנאות־שנאות און בעפעסטיגען דעם רעס־פּעקט פאר'ן געריכט. דאַן, הייסט עס, וועט ער פערזענליך, ארויס־געהען געגען פיינד פון לאַנד און פאר דער קריסטענהייט. יעצט איז ער בעשעפטיגט מיט זיינע פּריוואַט־זאַכען, און דאס לאַנד איז, טראָטץ א פערציג־יעהריגער לאַנד־פריעדען, נאָך אימער א מערדער־גרוב. פראַנקען, שוואַבען, דער אָבעררהיין און די לענדער ביי דער גרענעץ, ווערען פערוויסט פון פרעכע און חוצפּה'דיגע ריטער. זיקינגען, זעל־ביטץ מיט איין פוס, בערליכינגען מיט דער אייזערנער האנד, שפּאָטען אין דיעזער געגענד איבער דעם קייזער'ס איינפלוס.

אבט.

יא, ווען זיינע מאַיעסטעט וועט זיך ניט באַלד נעהמען צו זיי, וועלען זיי דאָ איבערקעהרען די וועלט.

בישאָף.

איבערהויפּט איז דער לעצטער, זייט פיעלע יאָהרען, מיין גרע־סטער שונא און ער לאָזט מיך ניט צורוה; איך האָף אבער, אז דאס וועט ניט לאַנג דויערן. דער קייזער האט יעצט זיין הויף אין אוגס־בורג. הערר דאָקטאָר, קענט איהר אדעלבערט'ן פון וויינזלינגען?

אַלעאַריום.

ניין, אייער עמינענץ.

בישאָף.

אויב איהר וועט אָבוואַרטען ביז דיעזער מענש וועט אָנקומען, דאַן וועט איהר זיך פרייען פאר אייך צו זעהען דעם עדעלסטען, פער־שטענדיגסטען און אנגענעהמסטען ריטער אין איין פערזאָן.

אלעאריום.

דער מוז זיין אן אויסגעצייכענטער מענש, וועלכער ווערט גע־לויבט פון אזא מויל.

ליעבעטראוט.

ער איז ניט געווען אין קיין אקאדעמיע.

בישאף.

דאס ווייסען מיר. (די דיענער לויפען צום פענסטער.) וואס איז נייעס?

א דיענער.

אט איז נאר וואס צוגעקומען פערבער, ווייזלינגען׳ס קנעכט.

בישאף.

זעהט נאר וואס ער וויל, ער וויל איהם הפנים אנמעלדען.
(ליעבעטראוט געהט. זיי שטעהען אויף און טרינקען נאך אמאל.)

(ליעבעטראוט קומט צוריק.)

בישאף.

וואס פאר א נאכריכטען?

ליעבעטראוט.

הלואי וואלט דאס אייך אן אנדערער געזאגט. ווייזלינגען איז געפאנגען.

בישאף.

אך!

ליעבעטראוט.

בערליכינגען האט איהם מיט דריי קנעכט אוועקגענומען ביי האזלאך. בלויז איינער איז ענטרונען אייך אנצוזאגען די בשורה.

אבט.

אן איוב׳ס בשורה.

אַלעאַריום.

עס טהוט מיר לייד פון טיעפען הארצען.

בישאָף.

לאָמיך זעהען דעם קנעכט. ברענגט איהם ארויף. איך אליין וויל מיט איהם רעדען. ברענגט איהם אריין אין מיין קאבינעט.

(אָב.)

אבט (זעטצט זיך).

נאָך אמאָל לחיים.

(די קנעכט גיסען אָן.)

אַלעאַריום.

וויל אפשר אייערע הויכווירדען אביסעל שפּאַצירען אין גאָרטען?

**Post coenam stabis, vel passus mille meabis.**

ליעבעטראַוט.

אמת, דאס זיטצען איז פאר אייך ניט געזונד. איהר קענט נאָך קריעגען דעם שלאג.

(אבט שטעהט אויף.)

ליעבעטראַוט (פאר זיך:)

ווען איך וועל איהם נאָר האבען אין דרויסען, וועל איך מיך מיט איהם שוין אָברעכענען.

(אָב.)

---

# יארטהאוזען

מאַריאַ, ווייזלינגען.

מאַריאַ.

איהר זאָגט, אז איהר ליעבט מיך. איך גלויב אייך און האָף מיט אייך צו זיין גליקליך און אייך גליקליך מאכען.

װײזלינגען.

איך פֿיהל בלױז, אַז איך בין דײנער. (אומאַרמט זי.)

מאַריאַ.

איך בעט איך, לאָזט מיך. אײן קוש האָב איך אײך שױן ער־לױבט; איהר שײנט אָבער שױן צו װעלען װערען בעל־הבית איבער דעם, װאָס קען נאָר געגעבען װערען אונטער אַ בעדינגונג.

װײזלינגען.

איהר זײט צו שטרענג, מאַריאַ! אונשולדיגע ליעבע דערפֿרײט די גאָטהײט אַנשטאָט זי צו בעלײדיגען.

מאַריאַ.

קען זײן! אָבער איך בין נאָך דערמיט ניט געהאָלפֿען. מען האָט מיך געלערענט: ליעבקאָזונגען זײנען װי קײטען, שטאַרק דורך זײער פֿערװאַנדשאַפֿט, און מײדלעך, װען זײ ליעבען, זײנען זײ שװאַכער װי שמשון נאָך דעם װי ער האָט פֿערלאָרען זײנע לאָקען.

װײזלינגען.

װער האָט דאָס איך געלערענט?

מאַריאַ.

די אַבטיסין פֿון מײן קלױסטער. ביז צו מײן זעכצענטען יאָהר בין איך געװען בײ איהר, און נאָר מיט אײך געפֿין איך דאָס גליק, װאָס איך האָב גענאָסען, װען איך בין געװען מיט איהר. זי האָט גע־ליעבט און דערפֿאַר געמעגט רעדען. זי האָט געהאָט אַ האַרץ פֿול מיט געפֿיהלען, זי איז געװען אַן אױסגעצײכענטע פֿרױ.

װײזלינגען.

דאַן איז זי געװען גלײך צו דיר. (ער נעהמט איהר האַנד.) װי װעט עס מיט מיר געהען, װען איך װעל אײך פֿערלאָזען?

מאַריאַ.

(נעהמט איהר האַנד צוריק:) איך האָף, אַז עס װעט אײך זײן

אביסעל ענג, ווייל איך ווייס ווי עס וועט מיר זיין. אבער איהר מוזט אוועק.

ווייזלינגען.

יא, מיין טהייערסטע, און איך וויל אויך אוועק, ווייל איך שפּיר, וואס פאר א גליק איך וועל מיר ערווערבען דורך דיעזען קרבן. גע־בענשט זאָל זיין דיין ברודער און דער טאָג, אין וועלכען ער איז ארויס מיך צו פאנגען.

מאַריא.

מיין הארץ איז געוועזען פול מיט האָפנונגען פאר איהם און פאר דיר. „לעבט וואָהל!" האט ער געזאָגט ביים אָבשיעד. „איך וויל האָ־פען, אז איך וועל איהם ווידער געפינען."

ווייזלינגען.

יא, אזוי האט ער געזאָגט. אך, ווי ווינש איך מיר, אז איך וואָלט ניט פערזאמט די פערוואַלטונג און זיכערהייט פון מיינע גיטער דורך דאס לעדיג־געהענדע קויפלעבען. דו וואָלסט דאן באַלד געקענט זיין מיינע.

מאַריא.

אויך דאס אָבלייגען אויף שפּעטער האט זיינע פריידען.

ווייזלינגען.

זאָגט עס ניט, מאַריא. איך האב מורא, אז דו ליעבסט ניט אזוי שטארק ווי איך. אבער וואס איך לייד, האב איך פערדיענט, און איך טרייסט מיר מיט די האָפנונגען, וואס וועלען מיך בעגלייטען אויף יעדען שריט. צו זיין אין גאַנצען דיינער, נאָר אין דיר און אין דעם גוטען קרייז צו לעבען, פון דער וועלט דערווייטערט, געניעסען יעדעס גליק, וואס אזעלכע צוויי הערצער קענען נאָר ארויסברענגען! וואס איז דער חשד פון די פירסטען, וואס פאר א ווערטה האט דער בייפאַל פון דער וועלט געגען דיינע איינפאכע, איינציגע גליקזעליגקייט? איך האב פיעל געהאָפט און געווינשט; דאס אבער, שטייגט איבער אלע מיינע האָפנונגען און ווינשונגען.

געטץ (ערשיינט:)

אייער יונג איז וויעדער דאָ. ער האט, פאר מיעדקייט און הונגער, גאָר ניט געקענט ארויסברענגען. מיין פרוי גיט איהם צו עסען. אזוי פיעל האב איך פערשטאנען: דער בישאָף וויל מיין זוהן ניט ארויס־געבען; מען וועט ערנענען קייזערליכע קאָמיסארען און אויסקלייבען א טאָג, ווען די גאַנצע אַנגעלעגענהייט וועט אויסגעגליכען ווערען. אבער זאָל עס זיין ווי עס וויל, אדעלבערט, איהר זייט פריי; איך פער־לאַנג ווייטער גאָר ניט ווי אייער האַנד, דאס איהר וועט אין דער צו־קונפט מיינע פיינד ניט העלפען ניט עפענטליך און ניט אין געהיים.

ווייזלינגען.

דאָ נעהם איך אייער האַנד. פון דיעזען אויגענבליק אָן זאָל הער־שען פריינדליכקייט און פערטרויען, און דאס זאָל זיין ווי אן אייביגעס געזעטץ אין דער נאַטור, עס זאָל בלייבען אונפערענדערליך! ! ער־לויבט מיר אויך דיעזע האַנד צו נעהמען, (נעהמט מאריא'ס האַנד:) און דערמיט נעהמען דאס עדעלסטע פון אלע מיידלעך.

געטץ.

מעג איך זאָגען „יא" פאר דיר?

מאריא.

ווען דו זאָגסט עס צוזאַמען מיט מיר.

געטץ.

דארפסט ניט רויט ווערען. דיינע בליקען בעווייזען דאס. אויב אזוי, ווייזלינגען, זאָג איך „יא." גיט אייך די הענד און איך וועל זאָגען „אמן." — מיין פריינד און ברודער! איך דאַנק דיר, שוועס־טער! עס ווייזט אויס, אז דו קענסט טהאָן עפּעס מעהר ווי שפּינען פלאַקס. דו האָסט אויסגעדרעהט א פינדע, אום אריינצעכאַפּען דיעזען פּאראדיעז פויגעל. דו קוקסט עפּעס ניט גאַנץ פריי, אדעלבערט. וואס פעהלט דיר? איך — בין גאַנץ גליקליך; וואס איך האב געהאָפּט טרוימענדיג, דאס זעה איך, און מיר דאַכט אז איך טרוים. לעצטע נאַכט האט זיך מיר גע'חלום'ט, אז איך האב דיר געגעבען מיין רעכטע,

אייזערנע האנד, און דו האסט מיך געהאלטען אזוי פעסט, אז זי איז ארוים פון דעם אָרעם, ווי אָבגעבראָכען. איך האב מיך דאריבער דער־שראָקען און ערוואכט. איך האב בלויז בעדארפט ווייטער חלום'ן, דאן וואָלט איך געזעהען, ווי דו וואָלסט מיר געגעבען א נייע, לעבעדיגע האנד. — יעצט זאָלסטו אוועק אום צו ברענגען דיין שלאָס און גיטער אין אָרדנונג. דער פערדאמטער הויף האט דיך שוין געמאכט פיעלעס פערזאמען. איך מוז רופען מיין פרוי עליזאבעטה!

מאַריאַ.

מיין ברודער איז אין פולער פרייד.

וויזלינגען.

און דאָך מוז איך מיט איהם שטרייטען איבער דעם ראנג.

געטץ.

דו וועסט וואוינען פרעכטיג.

מאַריאַ.

פראנקען איז ניט קיין געבענשטעס לאנד.

וויזלינגען.

און איך מעג זאָגען, אז מיין שלאָס ליעגט אין דער שעהנסטער און געבענשטער געגענד.

געטץ.

דאס מעגסטו זאָגען און איך וועל עס בעשטעטיגען. דאָ פליעסט דער מאין, און באלד הייבען אָן די בערג, וועלכע זיינען בעקליידעט מיט געאקערטע פעלדער און וויינבערג, און דאָן, אויבען, זיינען זיי געקרוינט מיט א שלאָס. דער טייך בייגט זיך ארום דעם עק פון פעל־זען, נעבען שלאָס. די פענסטער פון זאאל געהען ארוים פונקט אויפ'ן וואסער, וואס ציהט זיך פיעלע שטונדען וויים.

עליזאבעטה (ערשיינט).

וואס פערלאנגט איהר עפעס?

### געטץ.

דו זאָלסט מיר אויך געבען דיין האנד דערצו, און זאָגען: „גאָט זאָל אייך בענשען!" זיי זיינען שוין א פּאָאר.

### עליזאבעטה.

אזוי געשווינד?

### געטץ.

אבער ניט אונערווארטעט.

### עליזאבעטה.

גאָט זאָל געבען, אז איהר זאָלט אימער אזוי ארויסקוקען אויף איהר ווי יעצט, וועהרענד איהר האט געזוכט זי צו געווינען. און דאן זאָלט איהר אזוי גליקליך זיין ווי ליעב איהר וועט זי האבען.

### ווייזלינגען.

אמן! איך ווינש מיר קיין גליק ווי אונטער דיעזער בעדינגונג.

### געטץ.

דער חתן, מיין ליעבע פרוי, מאכט א קליינע רייזע, דען די גרויסע פערענדערונג ציהט מיט זיך גרויסע פעראנטוואָרטליכקייט. צו ערשט וועט ער זיך דערוויטערען פון בישאָפליכען הויף, אום דיעזע פריינד־שאפט זאָל זיך נאכהער לאנגזאם אָבקיהלען. דאן וועט ער ארויסנעה־מען זיינע גיטער פון די הענד פון די אייגענניטציגע דיענערס. און — קומט, שוועסטער, קום, עליזאבעטה, לאָמיר איהם לאָזען אליין. זיין דיענער האט געוויס געהיימע אויפטרעגע איהם געבראכט.

### ווייזלינגען.

קיין זאך וואס איהר דארפט ניט וויסען.

### געטץ.

מיר דארפען עס ניט. פראנקען און שוואבען, איהר זייט יעצט פערוואנדטער ווי איהר זייט עס נאך אמאָל געוועזען.

(די דריי געהען אָב.)

וויזלינגען.

גאָט אין הימעל! האָסטו געקענט מיר, ניט־ווירדיגען, בעשערען אזא גליק? עס איז צו פיעל פאר מיין הארץ. ווי איך בין עס אמאָל געוועזען אָבהענגיג פון די עלענדע מענשען, וועלכע איך האב געמיינט, אז איך בעהערש זיי, פון די בליקען פון פירסט, פון דעם בייפאל פון ארום! געטץ, טהייערער געטץ, דו האָסט מיר צוריקגעגעבען מיין אייגענעם איך; מאריא, דו האָסט געענדיגט די ענדערונג פון מיינע חושים. איך פיהל מיך אזוי פריי ווי אין דער ריינער לופט. באמבערג וויל איך מעהר ניט זעהען, איך וויל אָבשניידען אלע שענדליכע פער־בינדונגען, וועלכע האבען מיך צו מיר זעלבסט מיך צוגעבונדען. מיין הארץ פערברייטעט זיך, דאָ איז ניטאָ קיין געשטערטעס שטרעבען נאָך אמת'ער גרויסקייט. עס איז געוויס, אז אום עפּעס צו זיין, צו דערגרייכען גליק און גרויסקייט, דארף מען ניט הערשען און אויך ניט בעהערשט ווערען.

פראנץ (ערשיינט:)

גאָט זאָל אייך בענשען, מיין העדר! איך ברענג אייך פיעלע גרוסען, אז איך ווייס אפילו ניט ווי אָנצופאנגען. באמבערג און צעהן מיילען ארום שיקען אייך א טויזענדפאכיגען: „גאָט זאָל אייך גרי־סען!"

וויזלינגען.

ווילקאָמען דיר, פראנץ! וואס נאָך ברענגסטו מיר?

פראנץ.

אייער אנדענקען ביים הויף און איבעראל איז דאס העכסטע וואס א מענש קען זיך ווינשען.

וויזלינגען.

דאס וועט ניט דויערן לאנג.

פראנץ.

אזוי לאנג ווי איהר וועט לעבען! און נאָך אייער טויט, וועט עס נאָך ליכטיגער גלאנצען ווי די מעשענע בוכשטאבען אויף א מצבה.

איהר קענט זיך גאָר ניט פאָרשטעלען ווי מען נעהמט זיך אייער אונ־גליק צום הארצען.

ווייזלינגען.

וואס זאָגט דער בישאָף?

פראַנץ.

ער איז געוועזן אזוי נייגיעריג צו וויסען, אז ער האט גערעדט אזוי געשווינד און מיר געשטעלט פראגען, דאס ער האט מיך זאָגאר געשטערט אין מיינע ענטפערס. ער האט עס שוין אפילו געוואוסט, ווייל פערבער, וועלכער איז ענטלאָפען פון האזלאך, האט איהם גע־בראכט די שליחות. אבער ער האט געוואָלט אלעס וויסען. שטארק בעזאָרגט האט ער געפרעגט אויב איהר זייט ניט פערוואונדעט. איך האב געענטפערט: „ער איז גאנץ פון די האָאר שפיצען ביז צו די נעגעל פון קליינעם פוס־פינגער.״

ווייזלינגען.

וואס האט ער געזאָגט אויף די פאָרשלעגע?

פראַנץ.

ער האט געוואָלט באלד אלעס ארויסגעבען, דאס אינגעל און נאָך געלד דערצו, אבי אייך צו בעפרייען. אזוי ווי ער האט אבער געהערט, אז איהר וועט אויך אָהן דעם בעפרייט ווערען, האט ער זיך שוין צו־ריקגעהאלטען. ער האט מיר אָנגעזאָגט הונדערט זאכען אייך איבער־צוגעבען — אבער איך האב זיי פערגעסען. ער האט אָבגעהאלטען א לאנגע דרשה איבער די ווערטער: „איך קען ניט זיין אָהן ווייזלינ־גען.״

ווייזלינגען.

ער וועט זיך מוזען געוועהנען דערצו.

פראַנץ.

וואס מיינט איהר דערמיט? ער האט מיר געזאָגט: מאך איהם ער זאָל זיך איילען, ווייל דאָ ווארט אלעס אויף איהם.

ווייזלינגען.

עס מעג ווארטען, איך געה ניט אין הויף.

פראנץ.

ניט אין הויף? מיין הערר, ווי קומט דאס צו אייך? ווען איהר זאָלט וויסען וואס איך וויים! ווען איהר זאָלט כאָטש קענען חלום'ן פון דעם וואס איך האב געזעהען.

ווייזלינגען.

וואס מיינסטו דערמיט?

פראנץ.

בלויז פון דער ערשיינונג אליין ווער איך שוין אויסער מיר. באמבערג איז ניט מעהר באמבערג, א מלאך אין א פרויענגעשטאלט האט דאס געמאכט פאר א טויער צום הימעל.

ווייזלינגען.

וואס רעדסטו?

פראנץ.

זאָל פון מיר ווערען א גלח, ווען איהר וועט זי זעהען און ניט בלייבען אויסער זיך.

ווייזלינגען.

ווער איז זי דען?

פראנץ.

אדעלהייט פון וואללדאָרף.

ווייזלינגען.

זי! איך האב פיעל געהערט פון איהר שעהנהייט.

פראנץ.

געהערט? דאס איז פונקט ווי איהר זאָלט זאָגען: „איך האב געזעהען די מוזיק." עס איז אזוי ווניג מעגליך פאר דער צונג אויס־צודריקען אפילו נאָר איין ליניע פון איהר פאָלקאָמענהייט, אז אפילו

דאס אויג איז ניט געוועזן אימשטאנד אין איהר געגענוואַרט צו בע־גרייפען אלעס.

## ווייזלינגען.

דו ביסט ניט קלוג.

## פראַנץ.

דאס קען שוין מעגליך זיין. דאס לעצטע מאָל ווען איך האב זי געזעהען, זיינען מיר ניט געבליעבען מעהר חושים ווי א בעטרונקע־נעם. בעסער געזאָגט, קען איך בעהויפּטען, אז איך האב געפיהלט אין יענעם אויגענבליק ווי עס שפירען דאס היילינע, ווען דער הימעל לאָזט זיי זעהען זיינע ערשיינונגען. אלע חושים ווערען שטארקער, העכער, פאָלקאָמענער.

## ווייזלינגען.

דאס איז מערקווירדיג.

## פראַנץ.

ווען איך האב גענומען אבשיעד פון דעם בישאָף, איז זי געוועזן ביי איהם. זיי האבען ביידע געשפּיעלט שאך. ער איז געוועזן זעהר גנעדיג, ער האט מיר געגעבען זיין האנד צום קושען, און ער האט מיר פיעלעס געזאָגט, וואס איך האב ניט געקענט אויסהערען. דאס איז געוועזן אין דער צייט ווען איך האב געזעהען זיין שכנה ווי זי האט זיך פערטראַכט מיט די אויגען אויפ'ן שאך־ברעט, גלייך ווי זי וואָלט בעדארפט מאכען עפּעס א געוואלטיגען שריט. דערביי האב איך בע־מערקט א לויערענדען צוג ארום איהר מויל און באַק. איך האב עס דאמאָלס געוואָלט זיין דער בעינערנער קעניג. אדעל און פריינדליכקייט האבען געהערשט אויף איהר שטערען, און דאס בלענדענדע ליכט פון דעם פּנים און בוזים, ווי עס האט זיך געהויבען דורך די פינסטערע האָאָר.

## ווייזלינגען.

דו ביסט דורך דעם געוואָרען א דיכטער.

## פראַנץ.

אָט אזוי פיהל איך אין יענעם אויגענבליק, פון וועלכען א דיכ־

טער ווערט בעגייסטערט און שפירט א פיהלענדעס און פולעס הארץ. אזוי ווי דער בישאָף האט געענדיגט און איך האב מיך געגייגט, האט זי מיר נאָכגעקוקט און געזאָגט: „אויך פון מיר א גרוס, אונבעקאנטער וויזע! זאָג איהם, אז ער מעג קומען אזוי גיך ווי עס איז נאָר מעג־ליך. עס ווארטען אויף איהם נייע פריינד; ער זאָל זיי ניט פעראכטען דערפאר ווייל ער איז אזוי רייך מיט אלטע פריינד." — איך האב געוואָלט עפּעס ענטפערן, אבער דער צוגאנג פון הארצען צו דער צונג איז געווען פערשפּארט, און איך האב מיך בלויז פערנייגט. איך וואָלט אוועקגעגעבען מיין גאנצעס פערמעגען פאר דער ערלויבניס צו קושען דעם שפּיטץ פון איהר קליינעם פינגער. ווי איך בין אזוי געשטאנען, האט דער בישאָף ארונטערגעוואָרפען א בויער פון שאך־ברעט, איך האב מיך דערנאָך אָנגעבויגען און ביי דער בעוועגונג האב איך בע־ריהרט דעם זייד פון איהר קלייד; דאס האט פעראורזאכט וואס איך האב געשפּירט עפּעס לויפען דורך אלע גליעדער, און איך ווייס ניט ווי אזוי איך בין ארויס פון דער טהיר.

### ווייזלינגען.

איז איהר מאן אין הויף?

### פראנץ.

זי איז אן אלמנה זייט פיער מאָנאט. אום זיך צו צערשטרייען, האָלט זי זיך אויף אין באמבערג. איהר וועט זי זעהען, ווען זי קוקט צו איינעם, דאכט זיך, אז מען שטעהט אין דער פריהלינגס זונן.

### ווייזלינגען.

אויף מיר וועט עס האבען א שוואכערע ווירקונג.

### פראנץ.

איך הער, אז איהר זייט אזוי גוט ווי פערהייראטעט.

### ווייזלינגען.

הלואי וואָלט עס שוין געווען. מיין זאנפטע מאריא וועט מאכען דאס גליק פון מיין לעבען. איהר זיסע נשמה בילדעט זיך אין איהרע בלויע אויגען. און דיעזע נשמה איז ווייס ווי א מלאך פון הימעל, גע־

בילדעט פון אונשולד און ליעבע, אַט זי פיהרט עס מיין הארץ צו רוה און גליק. פּאַק צוזאמען! און דאן, פאָהר צו מיין שלאָס! איך וויל גאָר ניט זעהען באמבערג, אפילו ווען דער הייליגער בייט אליין זאָל פערלאַנגען מיך צו זעהען.

(אָב.)

## פראַנץ.

גאָט זאָל העלפען עס זאָל זיין צום בעסטען! מאַריא איז ליעבליך און שעהן, און איך קען גאָר ניט קיין פּאַראיבעל האבען אויף א גע־פאַנגענעם און א קראַנקען, וועלכער פערליעבט זיך אין איהר. אין איהרע אויגען איז טרייסט, געזעלשאַפטליכע מעלאַנכאָליע. אבער ארום דיר, אדעלהייט, איז לעבען, פייער, מוטה. איך וואָלט — איך בין א נאַר! — דאס האט מיך געמאַכט איין בליק איהרער. מיין הערר מוז אוועק! איך מוז אוועק! און איך וואָלט שטארק וועלען נאָך קוקען אויף איהר!



# צווייטער אקט

באמבערג.

א זאאַל.

בישאָף, אדעלהייד, שפּיעלען שאָך. ליעבעטראַוט מיט א זיטהער. פרויען, הויפלייט, שטעהען ארום קאמין.

ליעבעטראַוט (שפּיעלט און זינגט:)

מיט פיילען און בויגען
איז קופּיד געפלויגען,
די פאַקעל אין בראַנד,
געוואָלט מיטהליך קריעגען
און העלדיש זיעגען
מיט שטירמישער האנד.
אויף! אויף!
געה! געה!
די וואַפען קלינגען,
די פליגעלעך שווינגען,
די אויגען זיינען בראַנד.

געפונען האט ער די בוזימס,
אַך, ליידער אזוי בלויז;
זיי האבען גענומען גערן
אלע איהם אויף דער שויס.
ער ווארפט די פייל

אין פייער אריין,
זיי האלזטען און דרינטען
און וויעגטען איהם איין.
היי, אי, אַה! פּאַפּעיאַ!

אַדעלהייד.

איהר האט גאַר ניט אין זינן דעם שפּיעל. שאַך דעם קעניג!

בישאָף.

נאָך איז ניט אלעם פערלוירען.

אַדעלהייד.

אבער לאַנג וועט איהר עס ניט האבען. שאַך דעם קעניג!

ליעבעטראַוט.

דיעזען שפּיעל וואָלט איך ניט געשפּיעלט, און ווען איך וואָלט געוועזן א גרויסער הערר, וואָלט איך דאס פערבאָטען אין גאַנצען לאַנד.

אַדעלהייד.

עס איז אמת, דיעזער שפּיעל איז א פּרוביר־שטיין פון מח.

ליעבעטראַוט.

ניט דערפאר. עס איז דערפאר, ווייל איך וואָלט ליעבער וועלען הערען דאס רוישען פון דער טויטענגלאָק און שלעכטע בשורה ברענ־גענדע פייגעל, בעסער הערען דאס בילען פון דעם בייזען הויפהונד'ס געוויסען, בעסער וואָלט איך דאס וועלען הערען דורך דעם טיעפסטען שלאָף, ווי האבען צו טהון מיט לויפערס, שפּרינגערס און אנדערע בעסטיעס און תמיד הערען: שאַך דעם קעניג!

בישאָף.

וועמען וואָלט דאס איינגעפאלען?

ליעבעטראַוט.

איינעם, צום ביישפּיעל, וואס איז שוואַך און האט א שטאַרקעס

געוויסען, ווי דאס איז מייסטענטהיילס דער פאל. זיי רופען דאס א קעניגליכען שפיעל, און בעהויפּטען, אז מען האט דאס ערפונדען פאר א קעניג, וועלכער האט דעם ערפינדער גוט בעלוינט. ווען דאס איז אמת, דאן קומט מיר פאר גלייך ווי איך זעה איהם. ער איז געווען יונג אין פערשטאנד אדער יאהרען, ער איז געשטאנען אונטער דער אפּעקונשאפט פון זיין מאמע אדער פרוי, געהאט מילך־האר אין דער בארד און פלאקס־האר אויף דער שלייף, און געשפּיעלט גערן דאמע און מיט די דאמען, ניט אויס ליידענשאפט, בעהיטע גאט, נאר צום צייט פערטרייב! פאר הויפּמייסטער איז ער געווען צו טהעטיג, אלס געלעהרענטער האט ער זיך ניט געלאזען פיהרען און א וועלטמענש איז איהם געווען אונמעגליך צו ווערען, דערפאר האט ער אויסגעפונען דעם שפּיעל.

### אדעלהייד.

מאט! ליעבעטראוט, איהר דארפט אויספּילען די ליקען פון אונזערע געשיכטס־ביכער.

(זיי שטעהען אויף.)

### ליעבעטראוט.

עס וואלט געווען מעהר פּראפיט אין דעם ווען מען זאל אויספּילען די ליקען פון אונזער געשלעכטס־רעגיסטער. זייט דעם וואס די פערדיענסטען פון אונזערע אבות צוזאמען מיט זייערע פּארטרעטען ניטצען פאר דעמזעלבען צוועק, דאס הייסט, אויסצופּוצען די זייטען פון אונזערע צימער און אונזער כאראקטער — איז עס שוין בעסער אויסצופילען דעם געשלעכטס־רעגיסטער.

### בישאף.

איהר זאגט, אז ער וויל ניט קומען.

### אדעלהייד.

איך בעט אייך, שלאגט עס אייך ארויס פון קאפּ.

### בישאף.

וואס זאל דאס בעדייטען?

ליעבעטראַוט.

וואס? די אורזאַכען לאָזען זיך ארונטערבעטען ווי א רויזען־קראַנץ. ער איז אריינגעפאַלען אין אזא מין ניעדערגעשלאָגענהייט, פון וועלכער איך וואָלט וועלען איהם קורירען.

בישאָף.

טהוט עס. פאָהרט ארוים צו איהם.

ליעבעטראַוט.

מיין אויפטראַג?

בישאָף.

אָהן א גרענעץ. שפּאר גאָר ניט, אבי דו זאָלסט איהם צוריק־ברענגען.

ליעבעטראַוט.

דאַרף איך אייך, גנעדיגע פרוי, אויך אריינמישען?

אַדעלהייד.

מיט בעשיידענהייט.

ליעבעטראַוט.

דאס איז א ווייטלויפיגע קאָמיסיאָן.

אַדעלהייד.

קענט איהר מיך אזוי וועניג, אדער זייט איהר אזוי יונג ניט צו וויסען, אין וועלכען טאָן איהר דאַרפט פון מיר רעדען צו וויי־זלינגען?

ליעבעטראַוט.

אין טאָן פון א וואכטעל־פייפעל, דענק איך.

אַדעלהייד.

איהר וועט שוין קיינמאָל ניט קלוג ווערען.

בישאָף.

געהט, געהט. נעהמט דאס בעסטע פערד פון מיין שטאַל, קלייבט אויס אייער קנעכט און ברענגט איהם אהער.

ליעבעטראַוט.

אויב איך וועל איהם ניט ברענגען אַהער, דאַן זאָלט איהר זאָגען, אז אן אלטע באַביצע, וואס גיט זיך אָב מיט פערטרייבען בראָדעוווקעס מיט זומער שפּרינקלען, פערשטעהט מעהר פון סימפּאַטהיע ווי איך.

בישאָף.

וואס וועט דאס העלפען? בערליכינגען האט איהם אין גאַנצען בעזיעגט. אפילו ווען ער זאָל אהער קומען, וועט ער ווידער ווערען אוועק.

ליעבעטראַוט.

פון ווערען איז קיין פראגע ניט, עס איז די פראגע וואס ער וועט קענען. דער האנד־דרוק פון א פירסט און דאס שמייכעלע פון א שעהנער פרוי — פון דעם רייסט זיך אפילו ווייזלינג ניט ארוים! איך איייל און איך עמפּפעהל מיך דערווייל צו אייערע גנאדען.

בישאָף.

פאָהרט געזונדערהייט.

אַדעלהייד.

אדיע!

(ער געהט.)

בישאָף.

ווען ער וועט דאָ שוין זיין, דאַן פערלאָז איך מיך אויף אייך.

אַדעלהייד.

ווילט איהר מיך געברויכען פאר א כאַפּ־שטייגעל?

בישאָף.

וואס רעדט איהר!

אַדעלהייד.

צום אריינגארען פויגעל?

בישאָף.

ניין. פאר דעם שפּיעלט ליעבעטראַוט די ראָלע. איך בעט אייך, זאָגט מיר ניט אָב, וואס אַן אַנדערער קען פאר מיר ניט טהון.

אַדעלהייד.

מיר וועלען זעהען.

# יארטהאוזען

האַנס פון זעלביטץ. געטץ.

זעלביטץ.

יעדער וועט אייך לויבען דערפאַר, וואס איהר האט זיך אָבגע־רעכענט מיט די נירענבערגער.

געטץ.

איך וואָלט מיר אויפגעגעסען דאס הארץ, ווען איך וואָלט עס זיי בעדארפט לאָזען שולדיג בלייבען. עס איז קלאָר ווי דער טאָג, אז זיי האבען פערראַטהה מיין זוהן צו די באַמבערגער. זיי זאָלען מיך געדענקען.

זעלביטץ.

זיי האבען עפּעס אַן אַלטען האַס געגען אייך.

געטץ.

און איך געגען זיי. מיר טהוט עס הנאה וואס זיי האבען עס אָנגעפאַנגען.

זעלביטץ.

די רייכסשטעדט און גלחים האַלטען פון תמיד אָן צוזאַמען.

געטץ.

זיי האבען אורזאכע.

זעלביטץ.

מיר וועלען פאר זיי אונטערהייצען דעם גיהנום.

געטץ.

איך האב גערעכענט אויף אייך. הלואי וואָלט דער נירענבערגער בירגערמייסטער, מיט דער גילדערנער קייט ארום האלז, אונז בעגעגענט, דאן וואָלט ער זיך שטארק פערוואונדערט מיט זיין וויטץ.

זעלביטץ.

איך הער, אז ווייזלינגען איז ווידער אויף אייער זייט. טרעט ער שוין אריבער צו אונז?

געטץ.

נאָך ניט. עס זיינען דאָ אורזאכען, פאר וואס ער קען עס נאָך ניט טהון עפענטליך. דאָך וועט עס אויך גוט זיין, וואס ער וועט ניט זיין געגען אונז. דער גלח איז אָהן איהם וואס דער גלח־מאנטעל איז אָהן דעם גלח.

זעלביטץ.

ווען פאָהרען מיר ארויס?

געטץ.

מאָרגען אדער איבערמאָרגען. באלד קומען סוחרים פון באמבערג און נירענבערג פון דעם פראנקפורטער יריד. מיר וועלען כאפען עטליכע גוטע העכט.

זעלביטץ.

גאָט זאָל העלפען.

(אָב.)

---

## באמבערג.

### אדעלהייד, קאמערפרייליין.

אדעלהייד.

זאָגסט ער איז דאָ? איך גלויב עס מיר גאָר ניט.

פרייליין.

ווען איך וואָלט איהם ניט געזעהען אליין, וואָלט איך געזאָגט אז איך צווייפעל.

אדעלהייד.

ליעבעטראוט'ן מעג דער בישאָף איינפאסען אין גאָלד; ער האט געמאכט א מייסטערשטיק.

פרייליין.

איך האב איהם געזעהען ווי ער האט געוואָלט צו רייטען צום שלאָס. ער איז געזעסען אויף א פּרעכטיגעס פערד. דאס פערד האט זיך דערשראָקען ווי עס איז צוגעקומען צו דער בריק, און עס האט זיך ניט געוואָלט ריהרען פון פּלאַטץ. דאס פאָלק איז געלאָפען פון אלע גאסען איהם צו זעהען. זיי האבען זיך געפרייט איבער דער שלעכטער בענעהמונג פון פערד. פון אלע זייטען האט מען איהם בע־גריסט, און ער האט אלעמען געדאנקט. מיט אן אנגענעהמער גלייכ־גילטיגקייט איז ער געזעסען אויבען, און מיט שמייכעלעך און סטראַ־שונקעס האט ער ענדליך דאס פערד ארייננגעבראכט צום טויער, בע־גלייטעט פון ליעבעטראוט און עטליכע קנעכט.

אדעלהייד.

ווי געפעלט ער דיר?

פרייליין.

ווי קיין מאן איז מיר נאָך אזוי געפעלען געוואָרען. ער איז ענליך צום קייזער דאָ. (ווייזט אויף מאקסימיליאן'ס פּאָרטרעט.)

פונקט ווי ער וואָלט געווען זיין זוהן, בלויז די נאָז איז אביסעל קלע־
נער. אבער ער האט אויך אזעלכע ליכט־ברוינע אויגען, אזעלכע בלאָנ־
דע שעהנע האָר, און געוואַקסען איז ער ווי א פּופּע. אויף זיין גע־
זיכט ליעגט א האלב טרויעריגע מינע — איך ווייס ניט — אבער
דאס איז מיר אזוי גוט געפעלען געוואָרען.

אדעלהייד.

איך בין נייגיעריג איהם צו זעהען.

פריילין.

דאס וואָלט געווען א הערר פאר אייך!

אדעלהייד.

נאר וואס דו ביסט!

פריילין.

קינדער און נאררען — —

ליעבעטראַוט (ערשיינט:)

נו, גנעדיגע פרוי, וואס פערדין איך?

אדעלהייד.

הערנער פון דיין ווייב. דען לויט ווי מען רעכענט, האט איהר
שוין ניט נאָר איין עהרליכע פרוי ארויסגענארט פון איהרע הויז־
פּליכטען.

ליעבעטראַוט.

זאָגט עס ניט, גנעדיגע פרוי! איהר מיינט, צו איהרע פּליכטען.
אויב עס איז אפילו יא געשעהען, האב איך זי אריינגענארט אין
איהר מאַן'ס בעט.

אדעלהייד.

ווי אזוי האט איהר עס געטהאָן איהם צו ברענגען אהער?

ליעבעטראַוט.

איהר ווייסט דאָך אודאי ווי מען כאַפּט שנעפּפּען־פייגעל; זאָל
איך אייך נאָך אויסלערנען מיינע קונץ־שטיקער? — צום ערשטען

האב איך מיך געמאכט, פונקט ווי איך וואָלט גאָר ניט געוואוסט, גאָר ניט פערשטאַנען פון זיין אויפפיהרונג. דאס האט געפיהרט דערצו, וואס ער האט מיר דערצעהלט די גאַנצע היסטאָריע. איך האב באַלד אַלעס געזעהען פון אַן אַנדערער זייט ווי ער, און איהם געזאָגט, אז איך קען בשום אופן ניט דענקען ווי ער דאריבער. דאן האב איך גע־רעדט פון באַמבערג פערשיעדענע זאכען, ערוועקט געוויסע אַלטע ער־אינערונגען, און אזוי ווי איך האב בעשעפטיגט זיין איינבילדונגס קראַפט, האב איך וויעדער אָנגעקניפּט א סך פעדים, וועלכע איך האב געטראָפען צוריסען. ער האט ניט געוואוסט ווי דאס איז מיט איהם געשעהען און אָנגעהויבען פלוצלינג צו שפירען א נייעם מין ציהע־ניש צו באַמבערג; ער האט געוואָלט — ניט וועלענדיג. אזוי ווי ער האט אזוי געטראכט, האב איך איהם געוואָרפען א שטריק ארום האַלז, וואס איז בעשטאַנען פון דריי זאכען: ווייבער־חן, פירסטען־חסד, דורכגעדרעהט מיט שמייכלעריי, און אזוי האב איך איהם גע־בראכט צו שלעפען אהער.

אדעלהייד.

וואס האט איהר געזאָגט פון מיר?

ליעבעטראַוט.

די ריינע וואהרהייט. אז איהר האט פערדרוס דורך אייער גוטער — אז איהר האט געדאכט, אז ער האט ביים קייזער אזוי פיעל איינפלוס, דאס איהר וואָלט געקענט מאכען א סוף דערפון.

אדעלהייד.

גוט.

ליעבעטראַוט.

דער בישאָף וועט איהם ברענגען צו אייך.

אדעלהייד.

איך ערווארט זיי. (ליעבעטראַוט אָב.) איך ערוואַרטע זיי מיט א הערץ ווי איך האב נאָך זעלטען איינעם ערוואַרטעט.

# אין ספּעססאַרט

בערליכינגען. זעבליטץ. געאָרג אלס רייטערסקנעכט.

געטץ.

דו האָסט איהם ניט אָנגעטראָפען, געאָרג?

געאָרג.

מיט א טאָג פריהער איז ער אוועקגעריטען מיט ליעבעטראַוט קיין באמבערג. צוויי קנעכט זיינען געוועזן מיט איהם.

געטץ.

איך פערשטעה ניט וואס דאס זאָל בעדייטען.

זעבליטץ.

איך יא. אייער איבערבעטען זיך איז געוועזן אביסעל צו שנעל. דערפאר קען זי אויך ניט זיין דויערהאפט. ליעבעטראַוט איז א קלוגער יונג; ער האט זיך געוויס געלאָזען פערנארען פון איהם.

געטץ.

גלויבסטו, אז ער קען ברעכען דעם בונד?

זעבליטץ.

דער ערשטער שריט איז שוין געמאכט.

געטץ.

איך גלויב עס ניט. ווער ווייס ווי נעטהיג עס איז געוועזן פאר איהם צו זיין אין הויף. לאָמיר האָפען דאס בעסטע.

זעבליטץ.

גאָט זאָל העלפען ער זאָל עס פערדיענען.

געטץ.

מיר פאַלט איין אפשר איז דאָ נאָר געווען עפּעס א מין נעטץ ? לאָמיר לאָזען געאָרג׳ן אָנטהון די קליידער פון דעם באַמבערגער רייטער און איהם געבען דאס בעגלייטונגס צייכען ; זאָל ער פאָהרען קיין באַמבערג און זעהען ווי עס שטעהט.

געאָרג.

איך האב דאס אויך געמיינט.

געטץ.

געאָרג, עס איז דיין ערשטער אויסרייטען, זיי פאָרזיכטיג. מיר וואָלט באַנג געטהאָן, ווען מיט דיר זאָל פּאַסירען אן אונגליק.

געאָרג.

פערלאָזט זיך אויף מיר ! מיך אַרט עס ניט און עס קריכען ארום מיר נאָך אזוי פיעלע ווי זיי זיינען ; זיי זעהען מיר אוים ווי ראַטען און מייז.

(אָב.)

# באמבערג

בישאָף, ווייזלינגען.

בישאָף.

דו ווילסט דיך ניט לאָזען האַלטען לענגער ?

ווייזלינגען.

איהר וועט דאָך ניט פערלאַנגען, אז איך זאָל ברעכען מיין שבועה ?

בישאָף.

איך וואָלט פערלאַנגט דו זאָלסט גאָר ניט שווערען. וואס פאר א גייסט האט דיך בעהערשט? וואָלט איך דיך ניט געקענט בע־פרייען אָהן דעם? גילט איך אזוי וועניג אין קייזער׳ם הויף?

ווייזלינגען.

עס איז געשעהען. פערצייהעט מיר ווען איהר קענט.

בישאָף.

איך קען בשום אופן ניט פערשטעהען וואס דיך האט געצוואונ־גען צו מאכען דעם שריט. מיר צו ענטזאגען? זיינען דען ניט געווען הונדערט אנדערע וועגען ארויסצוקומען? האבען מיר ניט זיין זוהן? וואָלט איך איהם ניט געגעבען גענוג געלד און איהם ווידער בערו־היגט? אונזער קאַמפּף אויף איהם מיט זיינע לייט וואָלט פאָרטגע־זעטצט געוואָרען, — אך, איך דענק גאָר ניט, אז איך רעד מיט זיין פריינד, וועלכער איז געגען מיר.

ווייזלינגען.

גנעדיגער הערר!

בישאָף.

און דאָך, ווען איך זעה ווידער דיין פּנים, ווען איך הער וויע־דער דיין שטימע — עס איז ניט מעגליך, ניט מעגליך!

ווייזלינגען.

לעבט וואָהל, גנעדיגער הערר!

בישאָף.

איך וויל דיר געבען מיין ברכה. אמאָל, ווען דו פלעגסט אוועק־געהען, פלעג איך זאָגען: „צום ווידערזעהען!” יעצט: „גאָט זאָל געבען מיר זאָלען זיך ניט ווידערזעהען.”

ווייזלינגען.

פיעלעס קען זיך נאָך ענדערן.

בישאָף.

פיעללייכט וועל איך דיך נאָך זעהען אלס שונא פאר מיינע מויערן, ווי דו פערוויסט די פעלדער, וועלכע בליהען יעצט דיר צו פערדאנקען.

ווייזלינגען.

ניין, גנעדיגער הערר.

בישאָף.

קענסט ניט זאָגען, ניין. מיינע שכנים זיינען אלע מיינע שונאים. אזוי לאַנג ווי איך האב דיך געהאט — אבער געהט, ווייזלינגען! מעהר האב איך ניט וואס צו זאָגען. איהר האט פיעלעס קאַליע גע־מאכט. געהט!

ווייזלינגען.

און איך ווייס ניט וואס איך זאָל זאָגען.

(בישאָף אָב.)

פראַנץ (ערשיינט:)

אדעלהייד ערוואַרטעט אייך. זי פיהלט ניט גוט. און דאָך וויל זי אייך ניט לאָזען אוועקגעהען אָהן אבשיעד.

ווייזלינגען.

קום.

פראַנץ.

פאָהרען מיר טאַקי אוועק?

ווייזלינגען.

נאָך היינט אבענד.

פראַנץ.

מיר זעהט עס אויס, פונקט ווי איך וואָלט אוועק פון דער וועלט.

ווייזלינגען.

מיר אויך. און נאָך דערצו, גלייך ווי איך וואָלט ניט געוואוסט וואוהין איך געה.



# אדעלהייד'ם צימער

אדעלהייד, פרייליין.

פרייליין.

איהר זעהט אוים בלייך, גנעדיגע פרוי.

אדעלהייד.

איך ליעב איהם ניט, און וואָלט דאָך וועלען ער זאָל בלייבען. זעהסטו, איך וואָלט געקענט מיט איהם לעבען, אפילו ווען איך קען איהם באַלד ניט האבען פאר קיין מאַן.

פרייליין.

גלויבט איהר, אז ער פאָהרט אוועק?

אדעלהייד.

ער איז אוועק צום בישאָף זיך געזעגענען.

פרייליין.

ער האט דענאָך א שווערען קאַמפף.

אדעלהייד.

וואס מיינסטו?

פרייליין.

וואס פרעגט איהר, גנעדיגע פרוי? איהר האט צוגעטשעפּעט זיין האַרץ און ווען ער וועט זיך וועלען ארויסרייסען, וועט ער פערבלוטען.

אדעלהייד, ווייזלינגען.

ווייזלינגען.

איהר פיהלט ניט גוט, גנעדיגע פרוי?

אדעלהייד.

ביי אייך איז דאס קיין חילוק ניט. איהר פערלאָזט אונז סיי ווי סיי אויף תמיד. וואס קימערט אייך אויב מיר לעבען אדער שטאַרבען?

ווייזלינגען.

איהר קענט מיך ניט.

אדעלהייד.

איך נעהם אייך ווי איהר שטעלט זיך פאָר.

ווייזלינגען.

איהר נאַררט זיך אָב.

אדעלהייד.

אויב אזוי, דאַן זייט איהר א כאַמעלעאָן.

ווייזלינגען.

ווען איהר זאָלט נאָר קענען זעהען מיין הארץ!

אדעלהייד.

שעהנע זאכען וואָלטען זיך מיר בעוויעזען פאר די אויגען.

ווייזלינגען.

געוויס, איהר וואָלט דאָרט געפונען אייער בילד.

אדעלהייד.

עפּעס אין א ווינקעל צווישען די פּאָרטרעטען פון אן אויסגע־שטאָרבענער פאַמיליע. איך בעט אייך, ווייזלינגען, געדענקט, איהר רעדט מיט מיר. פאַלשע ווערטער גילטען העכסטענס ווען זיי זיינען די מאַסקעס פון אונזערע מעשים. א פערשטעלטער, וועלכען מען דער־קענט, שפּיעלט א טרויעריגע ראָלע. איהר לייקענט ניט אייערע האנד־לונגען און רעדט דעם געגענטהייל; וואס זאָל מען פון אייך דענקען?

ווייזלינגען.

וואס איהר ווילט. איך בין אזוי געפּלאגט מיט דעם וואס איך בין, אז מיך אַרט ניט פאר וואס מען האַלט מיך.

אדעלהייד.

איהר קומט צו נעהמען אבשיעד?

וווייזלינגען.

ערלויבט מיר צו קושען אייער האנד, און איך וועל זאָגען, לעבט וואָהל. איהר דערמאָהנט מיך, גנעדיגע פרוי, אז איך בין אביסעל צודרינגליך.

אדעלהייד.

איהר לעגט עס אויס פאלש; איך וויל אייך העלפען אוועקצו־געהען, ווייל איהר ווילט געהען.

וווייזלינגען.

אָך, זאָגט בעסער, אז איך מוז. ווען מיך וואָלט ניט געצויגען די ריטטער־פליכט, דער הייליגער האנדשלאג —

אדעלהייד.

געהט! געהט! דערצעהלט דאס דעם מיידעל, וועלכע לייענט די ליעבעביכלעך און ווינשט זיך אזא מאן. ריטטער־פליכט! קינדער־שפיעל!

וווייזלינגען.

דענקט איהר אזוי?

אדעלהייד.

איך שווער אייך, אז איהר פערשטעלט זיך! וואס האט איהר פערשפראָכען? איהר האט פערשפראָכען א מאן, וועלכער איז אויפ־געטרעטען געגען קייזער און לאנד און אייך גענומען אין געפאנגענ־שאפט? פליכט צו איהם? דאס איז ניט מעהר ווי א געצוואונגענע שבועה. בעפרייען ניט אונזערע געזעטצע פון אזעלכע שבועות? דער־צעהלט דאס קינדער, וואס גלויבען אויפ'ן בוידעם א יריד. דערביי שטעקען אנדערע זאכען. עס הייסט צו ווערען א שונא פון לאנד, א שונא פון בירגערליכער רוה און גליק. א שונא פון קייזער! חבר פון א רויבער! דו, וווייזלינגען, דו, מיט דיין זאנפטער נשמה?

וויזלינגען.

ווען איהר זאָלט איהם קענען —

אדעלהייד.

איך וויל זיין צו איהם גערעכט. ער האט א הויכע ניט בעצוואָנ־גענדע נשמה. טאקי דערפאר, זאָג איך, וועה דיר, וויזלינגען! געה און בילדע דיר איין, אז דו ביסט זיין חבר. געה און לאָז דיך בעהעררשען. דו ביסט פריינדליך, גוטהערציג —

וויזלינגען.

ער איז אויך אזוי.

אדעלהייד.

אבער דו ביסט נאכגעביג און ער ניט. ניט ווילענדיג וועט ער דיך אוועקרייסען, דו וועסט ווערען א שקלאַף פון אן עדעלמאַן, וועה־רענד דו קענסט זיין דער הערר פון פירסטען. דאָך, איז דאס אונ־בארמהערציגקייט פון מיין זייט, דיר צו בעליידיגען דיין צוקינפטיגע משפחה.

וויזלינגען.

אָך, ווען דו וואָלסט נאָר געפיהלט ווי ער האט מיך בעגעגענט מיט ליעבע.

אדעלהייד.

מיט ליעבע! דאס רעכענסטו איהם צו? עס איז געוועזען זיין שולדיגקייט; און וואס וואָלסטו פערלאָרען, ווען ער וואָלט געוועזען אנדערש? מיר וואָלט דאס געוועזען ווילקאָמענער. אזא איבערמיטהיגער מענש ווי ער —

וויזלינגען.

איהר רעדט פון אייער שונא.

אדעלהייד.

איך רעד פאר אייער פרייהייט — און איך ווייס איבערהויפט ניט, וואס פאר אן אנטהייל איך נעהם אין דעם. לעבט וואָהל!

וויזלינגען.

ערלויבט נאָך איין אויגענבליק. (ער נעהמט איהר האנד און שווייגט.)

אדעלהייד.

האט איהר מיר נאָך עפּעס צו זאָגען?

וויזלינגען.

— — איך מוז געהען.

אדעלהייד.

דאן געהט.

וויזלינגען.

גנעדיגע פרוי! — איך קען ניט.

אדעלהייד.

איהר מוזט!

וויזלינגען.

זאָל דאס זיין אייער לעצטער בליק?

אדעלהייד.

געהט, איך בין קראנק. דאס איז אין אן אונפּאסענדער צייט.

וויזלינגען.

קוקט ניט צו מיר אזוי.

אדעלהייד.

ווילסט זיין אונזער פיינד און מיר זאָלען צו דיר שמייכלען? געה!

וויזלינגען.

אדעלהייד!

אדעלהייד.

איך האס אייך!

פראַנץ (ערשיינט:)

גנעדיגער הערר, דער בישאָף לאָזט אייך רופען.

אדעלהייד.

געהט! געהט!

פראַנץ.

ער בעט אייך צו קומען שנעל.

אדעלהייד.

געהט! געהט!

וויזלינגען.

איך נעהם ניט קיין אבשיעד, איך זעה אייך ווידער.

(אָב.)

אדעלהייד.

מיך ווידער? מיר וועלען דאס זעהען. מארגאריטע, ווען ער קומט, וויז איהם אָב. איך בין קראַנק. איך האב קאָפּ־וועהטאָג, איך שלאָף — וויז איהם אָב. אויב ער איז נאָך צום געווינען, דאן איז עס בלויז אויף דיעזען וועג.

(אָב.)

# פאַרצימער

וויזלינגען, פראַנץ.

וויזלינגען.

זי וויל מיך ניט זעהען?

פראַנץ.

עס ווערט נאכט. זאָל איך אָנזאָטלען די פערד?

ווייזלינגען.

זי וויל מיך ניט זעהען?

פראַנץ.

ווען בעפעהלט איירע גנאַדען די פערד?

ווייזלינגען.

עס איז צו שפּעט, מיר בלייבען דאָ.

פראַנץ.

גאָט זיי דאַנק!

ווייזלינגען.

דאָ בלייבט! גיב אכטונג, דער נסיון איז גרויס. מיין פערד האט זיך צוריקגעשראָקען ווען איך בין צוגעקומען צום שלאָס־טויער, ווען מיין גוטער גייסט האט זיך איהם געשטעלט ענטקעגען; ער האט דער־קענט די געפאַהרען, וואס ערוואַרטען מיך דאָ. — דאָך איז עס ניט רעכט ניט צו אָרדנען די פיעלע געשעפטען, וואס איך האב ניט גע־ענדיגט פאַר'ן בישאָף, כדי אז א נאכפאָלגער זאָל קענען אָנפאַנגען וואו איך האב איבערגעלאָזען. דאס אלעס קען איך דאָך טהון ניט שאדענדיג בערליכינגען און אונזער פערבינדונג. דאַן זאָלען זיי מיך דאָ ניט האַלטען. — עס וואָלט בעסער געווען, ווען איך וואָלט ניט געקומען. אבער איך וועל אוועק — מאָרגען אדער איבערמאָרגען.

(אָב.)

# אין ספּעססארט

געטץ, זעבליטץ, געאָרג.

זעבליטץ.

איהר זעהט, עס איז געגאַנגען ווי איך האב געזאָגט.

געטץ.

ניין! ניין! ניין!

געאָרג.

גלויבט מיר, אז איך בעריכט אייך דעם אמת. איך האב געטהאָן ווי איהר האט בעפוילען. איך האב גענומען די קליידער פון דעם באמבערגישען מיט זיין צייכען, און אום איך זאָל דאָך פערדיענען זיין עסען און טרינקען, האב איך בעגלייט רייניקעשע בויערן ארויף קיין באמבערג.

זעבליטץ.

אזוי פערשטעלט? דו האָסט געקענט האבען א סוף.

געאָרג.

דאס דענק איך תמיד צו לעצט. א רייטערסמאַן, וועלכער דענקט דאריבער פאָראויס, וואָלט ניט געקענט גרייכען זעהר ווייט. איך בין געקומען קיין באמבערג, און באלד, אין ווירטהסהויז, האב איך געהערט דערצעהלען: ווייזלינגען און דער בישאָף האבען זיך איבערגעבעטען, און מען האט אויך פיעל גערעדט פון א חתונה מיט דער אלמנה פון וואלדאָרף.

געטץ.

פלוידעריי.

געאָרג.

איך האב איהם געזעהען, ווי ער האט זי צוגעפיהרט צו דער טהיר. זי איז שעהן. ביי מיין וואָרט, זי איז שעהן! מיר האבען זיך אלע געבוקט, זי האט אונז אלעמען געדאנקט, ער האט געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ, אויסגעזעהען שטארק הנאה צו האבען, זיי זיינען פארביי געגאנגען, און דאס פאָלק האט געמורמעלט: „א שעהן פּאָארעל."

געטץ.

דאס קען זיין.

געאָרג.

הערט ווייטער — אין א טאָג איז ער ארויסגעקומען. ער איז

געוועזן אליין מיט זיין דיענער. איך האב מיך אניעדערגעשטעלט נעבן דער טרעפּ און געזאָגט שטילערהייט צו איהם: „א פּאָאר ווערטער פון אייער בערליכינגען.״ ער איז געוואָרען שטארק דערשראָקען. איך האב געלעזען זיינע זינד פון זיין פּנים. ער האט קוים געהאַט מוטה גענוג צו קוקען אויף מיר — אויף מיר, א פּראָסטען ריטטערסיונג.

זעבליטץ.

דאס הייסט, אז זיין געוויסען איז געוועזן ערגער ווי דיין שטאנד.

געאָרג.

„דו ביסט באמבערגיש?״ האט ער געפרעגט. „איך ברענג א גרוס פון ריטטער בערליכינגען,״ האב איך געזאָגט, „און איך וויל פרעגען״ — „קום מאָרגען,״ האט ער געזאָגט, „אין מיין צימער, דאָרט וועלען מיר ווייטער רעדען.״

געטץ.

ביסטו געקומען?

געאָרג.

אודאי, און איך האב געמוזט שטעהען אין פאָרזאאל לאנג, זעהר לאנג. די זיידענע דיענער האבען מיך בעקוקט פון פאָרענט און פון הינטען. איך האב מיר געטראכט: „קוקט.״ ענדליך האט מען מיך אריינגעפיהרט, ער האט אויסגעזעהען בייז. מיך האט עס ניט געאַרט. איך בין צו איהם צוגעגאנגען און אָבגעלעגט מיין קאָמיסיאָן, ער האט אויסגעזעהען פיינדליך בייז, ווי איינער וואס האט ניט קיין הארץ און וויל עס ניט לאָזען מערקען. ער האט זיך געוואונדערט, וואס איהר שטעלט איהם צו רעדע דורך א פּראָסטען רייטערסיונג. דאס האט מיך פערדראָסען. איך האב געענטפערט, אז עס זיינען בלויז דאָ צווייערליי מענשען, בראווע און שורקען, און איך דיען געטץ פון בערליכינגען. דאן האט ער אָנגעהויבען פּלוידערן איבער פערשיעדענעס, און די הויפּטזאך איז געוועזן, אז ער איז אייך ניט שולדיג קיין פליכט און וויל מיט אייך ניט צו טהון האבען.

געטץ.

האָסטו דאס געהערט פון זיין מויל?

געאָרג.

דאס און נאָך מעהר. — ער האט מיך געסטראשעט —

געטץ.

עס איז גענוג! ער איז מיר שוין אויך פערלוירען. טרייהייט און גלויבען, איהר האט מיך ווידער בעטראָגען. אָרעמע מאריע! ווי וועל איך דיר דאס דערצעהלען!

זעבליטץ.

איך וואָלט בעסער וועלען פערליערען מיין אנדערן פוס, איידער צו זיין אזא לומפּ.

(אָב.)

---

# באמבערג

---

אדעלהייד, וויזלינגען.

אדעלהייד.

די צייט הייבט מיר אָן צו ווערען אונפערטרעגליך לאנג; רעדען דארף איך ניט, און איך שעהם זיך מיט אייך צו שפּיעלען. לאנגוויי־ליגקייט, דו ביסט ערגער ווי א קאַלטעם פיעבער.

וויזלינגען.

זייט איהר שוין פון מיר מיעד געוואָרען?

אדעלהייד.

ניט אזוי פון אייך ווי פון אייער בענעהמונג. איך ווינש מיר, הלואי וואָלט איהר געווען דאָרט וואו איהר האט געוואָלט זיין, און מיר וואָלטען אייך קיינמאָל ניט צוריקגעהאַלטען.

וויזלינגען.

אָט דאס איז חן ביי ווייבער! צוערשט בעדעקט זי מיט מוטער־

ווארעמקייט אייערע ליעבסטע האָפנונגען, דאן, פונקט ווי אן אונ־
בעשטענדיגע הוהן, פערלאָזט זי די נעסט און גיט איבער איהרע האלב־
אויסגעהאָדעוועטע קינדערלעך דעם טויט און אונטערגאַנג.

אדעלהייד.

בעלייריגט די ווייבער! דער ניט־איבערלעגטער שפּיעלער צו־
בייסט און צוטרעט די קאָרטען, וועלכע האבען, אונשולדיגערהייט,
איהם געמאכט פערלירען. אבער לאָזט מיך אייך עפּעס דערצעהלען
פון מענער. וואס זייט איהר אום צו רעדען פון וואקלענדען מוטה?
איהר, וועלכער איז זעלטען, וואס איהר ווילט זיין, און קיינמאָל ניט
וואס איהר זאָלט זיין. קעניגע אין זייערע יום־טוב קליידער איז מקנא
דער פּעבעל.

וויזלינגען.

איהר זייט ביטער.

אדעלהייד.

עס איז דער אָבקלאַנג פון אייער געזאַנג. איידער איך האב אייך
געקענט, האבען הונדערטער צינגען איבער אייך געשפּראָכען, און
איך האב מיך געלאָזט איבעררעדען צו ווינשען, אז דו זאָלסט זיין
דער תמצית פון דעם גאַנצען מענשליכען געשלעכט, און איך האב גע־
וואָלט זעהען דעם פעניקס וויזלינגען! מיין וואונש איז ערפּיללט
געוואָרען.

וויזלינגען.

און דער פעניקס האט זיך ארויסגעוויעזען אלס א פּראָסטער
הויז־האָהן.

אדעלהייד.

ניין, וויזלינגען, איך האב גענומען אנטהייל אין אייך.

וויזלינגען.

עס האט אזוי אויסגעזעהען —

אדעלהייד.

און אזוי איז עס אויך געווען. דען ווירקליך איהר האט איבער־

טראָפען אַלעס וואס מען האט געזאָגט. די מאַסע שעטצט בלויז דעם וויעדערשיין פון פערדיענסט. ווי אזוי עס איז געווען, האבען מיר געלעבט א צייט צוזאַמען, עס האט מיר עפּעס געפעהלט און איך האב ניט געוואוסט, וואס עס פעהלט מיר אין אייך. ענדליך האבען זיך מיר געעפענט די אויגען. איך האב געזעהען, אנשטאט דעם טהעטיגען מאַן, וואס האט אויפגעלעבט די געשעפטען פון א פירסטענטהום; איהם האב איך אויף איינמאָל דערזעהען קלאָגענדיג ווי א קראַנקער דיכטער, מעלאַנכאָליש ווי א געזונדעס מיידעל, און אזוי פויל ווי א יונגער חברה־מאַן. אין אָנפאַנג האב איך דאס צוגעשריעבען אייער אונגליקליכע פּאַסירונג, וואס איז אייך נאָך געלעגען אויפ׳ן הארצען און איך האב אייך ענטשולדיגט, ווי איך האב נאָר געקענט. יעצט אבער, ווי עס ווערט מיט אייך פון טאָג צו טאָג אַלץ ערגער, מוזט איהר מיר פערצייהען, ווען איך רייס פון אייך אוועק מיין פריינדשאַפט. איהר בעזיטצט זי אָהן א שום רעכט, איך האב זי געשענקט אַן אַנדערן אויף לעבענסלאַנג, וועלכער קען זי ניט איבערגעבען.

## ווייזלינגען.

דאן לאָזט מיך פריי.

## אדעלהייד.

ניט פריהער איידער אַלע האָפנונגען זיינען פערלוירען. די איינזאמקייט איז געפעהרליך אין דיעזע אומשטענדען. — אָרעמער מענש! איהר זייט אזוי מרה־שחורה׳דיג פונקט ווי איינער וועמען זיין ערשטעס מיידעל איז איהם אונטריי געוואָרען, און טאָקי דערפאר גיב איך אייך ניט אויף. גיט מיר די האַנד, פערצייהעט מיר, וואס איך האב געזאָגט אוים ליעבע.

## ווייזלינגען.

קענסטו מיך ליעבען, קענסטו מיין הייסער ליידענשאַפט איין טראָפען לינדערונג געבען? אדעלהייד, דיינע פאָרווירפע זיינען אונגערעכט. ווען דו וואָלסט דיר געקענט פאָרשטעלען אפילו א הונדערטען טהייל פון דעם וואס די צייט ארבייט אין מיר, וואָלסטו מיך ניט מיט געפעלליגקייט, גלייכגילטיגקייט און פעראַכטונג אזוי אונ־

בארמהערציג געריסען אהין און אהער. — דו לאכסט ! — נאך דעם איבעראיילטען שריט וויעדער מיט מיר זעלבסט צו ווערען אייניג, קאסט עס מעהר ווי איין טאג. צו ארבייטען געגען דעם מענשען, וועמעס אנדענקען איז אזוי לעבהאפט ניי אין ליעבע...

אדעלהייד.

וואונדערליכער מאן ! וועלכער קען ליעבען דעם, וואס ער איז מקנא ! דאס איז פונקט ווי איך זאל צופיהרען פראוויאנט פאר מיין שונא.

וויזלינגען.

איך פיהל עס, אז דא דארף מען ניט פערזאמען. מען האט איהם מיטגעטהיילט, אז איך בין וויעדער וויזלינגען, און ער וועט זעהען אזוי שנעל ווי מעגליך טהון וואס ער קען. דאן, אדעלהייד, זאלסטו ניט מיינען, אז מיר זיינען אזוי פויל ווי דו מיינסט. אונזערע רייטער זיינען פערשטארקט געווארען און זיי זיינען אויפמערקזאם, אונזערע אונטערהאנדלונגען ווערען פארטגעזעטצט. און דער רייכסטאג אין אוגסבורג וועט האפענטליך דורכפיהרען אונזערע פראיעקטען.

אדעלהייד.

און איהר געהט אהין ?

וויזלינגען.

ווען איך זאל קענען מיטנעהמען א האפנונג. (קושט איהר האנד.)

אדעלהייד.

אך, איהר אונגלויביגע ! תמיד ווילט איהר צייכען און וואונדער ! געה, וויזלינגען, און מאך פארטיג דיין ארבייט. דעם בישאפ'ס אינטערעסען, דיינע, מיינע, זיינען אזוי פערוועבט, דאס ווען עס זאל אפילו זיין נאר בלויז צוליעב דער פאליטיק —

וויזלינגען.

דו קענסט שפאסען.

### אדעלהייד.

איך שפאס ניט. מיינע גיטער האט דער שטאַלצער הערצאָג אריינגעכאפט, דיינע וועט געטיץ ניט לאנג צורוה לאָזען; און ווען מיר וועלען ניט שטעהען צוזאמען, ווי אונזערע שונאים, און האבען דעם קייזער אויף אונזער זייט, זיינען מיר פערלוירען.

### ווייזלינגען.

איך האב קיין מורא ניט. דער גרעסטער טהייל פון די פירסטען דענקט ווי מיר. דער קייזער פערלאַנגט הילף געגען די טערקען, און דערפאר איז עס ניט מעהר ווי רעכט, אז ער זאָל זיין מיט אונז. וואס פאר א גליק דאס וועט זיין פאר מיר צו בעפרייען דיינע גיטער פון פרעכע שונאים? און דאן? —

### אדעלהייד.

איין טאָג ברענגט דעם צווייטען, און ביים שיקזאל געפינט זיך דאס צוקינפטיגע.

### ווייזלינגען.

אבער מיר מוזען וועלען.

### אדעלהייד.

מיר ווילען אויך.

### ווייזלינגען.

געוויס?

### אדעלהייד.

נו, יא, געהט שוין.

### ווייזלינגען.

צויבערין!



# קרעטשמע

בויערן חתונה, מוזיק און טאַנץ אין דרויסען.

דער כלה'ס פאַטער, געטץ, זעבליטץ ביים טיש

חתן קומט אריין.

געטץ.

דאס קלינסטע איז געווען, וואס איהר האט אייער קריעגעריי געענדיגט אזוי גליקליך מיט א חתונה.

כלה'ס פאַטער.

בעסער ווי איך האב מיר געקענט פאָרשטעלען. איך בלייב אין רוה און פריעדען מיט מיין שכן און גוט פערזאָרגט מיין טאָכטער.

חתן.

איך בין געוואָרען בעל הבית איבער א שטיק לאַנד, וואס מען האט זיך דאריבער געקריעגט און דערצו דאס שעהנסטע מיידעל פון דאָרף. הלואי וואָלט איהר שוין לאַנג דאס איינגעזעהען.

זעבליטץ.

ווי לאַנג האט איהר זיך פראָצעסירט ?

כלה'ס פאַטער.

אן אַכט יאָהר. איך וואָלט בעסער געוואָלט האבען נאָך אמאָל אזוי פיעל פיעבער ווי דאס אלעס איבערלעבען. עס איז א שעהן שטיקעל ארבייט ביז מען קריעגט ארויס א פסק־דין פון די ריכטער, און דערנאָך וואס האט מען דערפון ? דער רוח זאָל צונעהמען דעם אססעסאָר זאפּופּי ! ער איז א פערפלוכטער שווארצער איטאַליענער !

חתן.

יא, דאס איז א מין משוגענער. צוויי מאָל בין איך דאָרט געוועז.

כלה'ס פאָטער.

און איך דריי מאָל. און זעהט נאָר, מיינע הערען: צום סוף קריעגען מיר א פסק־דין, אז איך האב אזוי פיעל רעכט ווי ער און ער ווי איך, און אזוי זיינען מיר געשטאַנען ווי צוויי בהמות, ביז גאָט האט מיר ענדליך איינגעגעבען דעם שכל, אז איך זאָל איהם געבען מיין טאָכטער און דאס שטיקעל ערד פאר א צוגאָב.

געטץ (טרינקט).

לחיים! עס זאָל אייך זיין גוט אין דער צוקונפט.

כלה'ס פאָטער.

אמן. זאָל עס אבער זיין ווי עס וויל, פראָצעסירען וויל איך מיך ניט מעהר. וואס געלד דאס קאָסט אָב! יעדען איינציגען, וואס שרייבט פאר אייך עפעס, מוזט איהר בעצאָהלען.

זעבליטץ.

דער קייזער שיקט דאָך יעדעס יאָהר מאכען אונטערזוכונגען.

כלה'ס פאָטער.

איך האב גאָר ניט געפיהלט דערפון. ניט נאָר איין שעהנער טאָ־לער איז פון מיר אוועקגענומען געוואָרען. וואס פאר אונערהערטע בעצאהלונגען!

געטץ.

וואס מיינט איהר?

כלה'ס פאָטער.

יעדער האלט אויסגעשטרעקט די האנד. דער אססעסאָר אליין, גאָט זאָל איהם מוחל זיין, האט ביי מיר צוגענומען אכטצעהן גאָלד גולדען.

חתן.

ווער?

כלה'ם פאַטער.

ווער זאָל עס זיין ווען ניט זאפופי!

געטץ.

דאם איז שענדליך!

כלה'ם פאַטער.

איך האב איהם געמוזט געבען צוואַנציג. אויסגעצאָהלט האב איך זיי איהם אין זיין גאָרטען־הויז, וואס איז פּרעכטיג, אין גרויסען זאאַל, און דאָרט האט עס מיך פערכאַפּט ביים הארצען. ווייל זעהט, א הויז אין א הויף איז א גאַנצע גוט, אבער פון וואנען זאָל קומען דאס מזומן געלד? איך בין מיר אזוי געשטאַנען, און נאָר איין גאָט ווייס ווי מיר איז געוועזן אויפ'ן הארצען. אין מיין קעשענע האב איך ניט געהאט קיין העללער. ענדליך האב איך געפּאַסט מוטה און איהם דערצעהלט מיין לאַגע. זעהענדיג, אז דאס וואסער איז מיר שוין ביים מויל, האט ער מיר צוריקגעוואָרפען צוויי גולדען און מיך געשיקט אהיים.

חתן.

עס איז ניט מעגליך! זאפופי?

כלה'ם פאַטער.

וואס שטעלסטו דיך אזוי? געוויס, קיין אנדערער!

חתן.

דער רוח זאָל איהם כאַפּען, ער האט ביי מיר אויך צוגענומען פופצעהן גולדען.

כלה'ם פאַטער.

צום טייוועל!

זעבליטץ.

געטץ, און מ י ר זיינען עס די רויבער!

כלה׳ס פאָטער.

דערפאר איז ארויס אזא פסק. דער הונד!

געטץ.

דאס דארפט איהר ניט אָבלאָזען.

כלה׳ס פאָטער.

וואס זאָלען מיר טהון?

געטץ.

געהט אוועק קיין שפּייער, עס איז גראדע די אונטערזוכונגס־צייט, זיי מוזען אייך העלפען.

חתן.

דענקט איהר, אז מיר וועלען עס דורכפיהרען?

געטץ.

ווען איך זאָל איהם קענען אָננעהמען ביי די אויערן, וואָלט איך עס אייך פערשפּראָכען.

זעבליטץ.

די סומע איז גרויס גענוג עס זאָל זיך לוינען די מיה.

געטץ.

איך בין פיעל מאָל אויסגעריטען פאר א פערטען טהייל דערפון.

כלה׳ס פאָטער.

וואס מיינסטו? לוינט זיך עס?

חתן.

יא, זאָל עס זיין וואס עס וויל.

געאָרג (ערשיינט:)

די נירענבערגער קומען.

### געטץ.

וואו ?

### געאָרג.

ווען מיר וועלען רייטען גאנץ פּאוואָליע, וועלען מיר זיי כאפּען צווישען בעערהיים און מיהלבאך אין וואלד.

### זעבליטץ.

אויסגעצייכענט !

### געטץ.

קומט, קינדער. זייט געזונד. גאָט זאָל אונז העלפען צו אונזער אונטערנעהמונג.

### בויער.

איך דאנק אייך. ווילט איהר ניט בלייבען צו דער חתונה־וועטשערע ?

### געטץ.

מיר קענען ניט. אדיע !



# דריטער אקט

## אוגסבורג

א גארטען.

צוויי נירענבערגער קויפלייט.

ערשטער קויפמאן.

דא וועלען מיר שטעהען, ווייל דער קייזער וועט דא פארביי געהען. ער קומט נאר וואס ארויף דעם לאנגען וועג.

צווייטער קויפמאן.

ווער איז מיט איהם?

ערשטער קויפמאן.

אדעלבערט פון וויזלינגען.

צווייטער קויפמאן.

באמבערג'ס פיינד? דאס איז גוט!

ערשטער קויפמאן.

מיר וועלען זיך אבשטעלען און איך וויל רעדען.

צווייטער קויפמאן.

גוט, אט קומען זיי.

קייזער, ווייזלינגען.

ערשטער קויפמאַן.

ער זעהט אוים אין כעס.

קייזער.

איך בין ניט אויפגעלעגט, ווייזלינגען, און ווען איך בליק צו־ריק אויף מיין פערגאַנגענעם לעבען, קומט מיר אוים צו פערצווייפלען; אזוי פיעלע האַלבע, אזוי פיעלע פעראונגליקטע אונטערנעהמונגען!

(די סוחרים וואַרפען זיך איהם צו די פים.)

קויפמאַן.

גנעדיגסטער! גרויסמעכטיגסטער!

קייזער.

ווער זייט איהר? וואס איז נייעס?

קויפמאַן.

אָרעמע סוחרים פון נירענבערג, קנעכט פון אייער מאַיעסטעט, און מיר בעטען אייך אום הילף. געטץ פון בערליכינגען און האַנז פון זעבליטץ האבען אונזערע דרייסיג בעפאַלען און בערויבט, ווען מיר זיינען געקומען בעגלייט פון באַמבערגער. מיר בעטען אייער קייזער־ליכע מאַיעסטעט אום הילף, אום ראַטעווען, ווען ניט זיינען מיר אלע רואינירט און מיר וועלען מוזען ווערען בעטלער.

קייזער.

הייליגער גאָט! הייליגער גאָט! וואס איז דאס? איינער האט נאָר איין האַנד, דער צווייטער בלויז איין פום; ווען זיי וואָלטען גע־האט צו צוויי הענד און צו צוויי פים, וואס וואָלט איהר דאַן גע־טהאָן?

קויפמאַן.

מיר בעטען זעהר שטאַרק אייער מאַיעסטעט רחמנות צו האבען אויף אונז.

קייזער.

ווי איז איבערהויפט דא דער דין? ווען א סוחר פערלירט א זאק מיט פעדער, דארף דערפאר בעצאהלען דאס גאנצע לאנד? און ווען עפעס איז נוגע זיין קייזערליכע מאיעסטעט און דעם לאנד, ווי אויך קעניגרייך, פירסטענטהום, הערצאגטהום און אנדערע, דאן קען איך קיין מענש צוזאמענברענגען.

וויזלינגען.

איהר קומט אין אן אונפאסענדער צייט. געהט און פערזאמט זיך דא נאך עטליכע טעג.

קויפלייט.

מיר עמפפעהלען זיך צו אייערע גנאדען.

(אב.)

קייזער.

ווידער נייע עסקים. זיי וואקסען ווי די קעפ אויף דער הידרא.

וויזלינגען.

און מען קען זיי גאר ניט אויסראטען, אויסער מיט פייער און שווערט און א מוטהיגע אונטערנעהמונג.

קייזער.

גלויבט איהר אזוי?

וויזלינגען.

איך האלט עס ניט פאר וויכטיג, ווען אייער מאיעסטעט און די פירסטען קענען זיך ניט פעראייניגען איבער אנדערע אונבעדייטענדע מחלוקת. ניט אומזיסט קלאגט אבער גאנץ דייטשלאנד, אז עס איז פול מיט בעאונרוהיגונג. בלויז פראנקען און שוואבען גליהען נאך פון דעם פעסט פון דעם אינערליכען פערדערבליכען בירגער־קריעג. און אויך דא זיינען נאך פאראנען פיעלע עדעלע און פרייע מענשען, וואס בענקען נאך רוה. וואלטען מיר איינמאל פטור געווא־

רען פון זיקינגען, זעלביטץ און בערליכינגען, וואָלט שוין דאס איבריגע באַלד אַליין צופאַלען געוואָרען. ווייל זיי אַליין זיינען עס, וואס האַל־טען אויף דעם גייסט פון אונרוהען צווישען די מאסען.

קייזער.

איך וואָלט דיעזע לייט גערן געשווינט, ווייל זיי זיינען מוטהיג און עדעל. ווען איך פיהר קריעג, מוזען זיי געהען מיט מיר אין שלאַכטפעלד.

ווייזלינגען.

מען וואָלט געמעגט ווינשען, אז זיי זאָלען שוין האבען אויס־געלערענט פון לאַנג צו קענען זייער פליכט. דאן איז עס אויך גע־פעהרליך צו בעלוינען מיט עהרענשטעלונגען זייערע אויפריהרישע אונטערנעהמונגען. ווייל טאַקי דיעזע קייזערליכע מילדקייט און גנאדע איז עס, וואס זיי האבען ביז אהער מיסברויכט.

קייזער.

איהר ראטה מיך אַלזאָ צו זיין שטרענג?

ווייזלינגען.

איך זעה קיין אַנדערעס מיטעל ווי צו מאכען א סוף פון דעם שווינדעלגייסט וואס גרייפט אָן איבעראַל. האבען מיר שוין ניט גע־הערט דאָ און דאָרט די קלאגען פון די אדעליגע, אז זייערע אונטער־טהאנען און לייב־אייגענע ווילען גאָר הערשען איבער זיי? דענקט איהר ניט, אז דערפון וועלען ארויסקומען די געפעהרליכסטע פאָל־גען?

קייזער.

איצט וואָלט אפילו געווען א שעהנע געלעגענהייט געגען בער־ליכינגען און זעבליטץ צו האנדלען, נאָר איך וויל ניט עס זאָל זיי עפעס שאדען. איך וואָלט זיי ווען זיי ווען זיי ווערן געפאַנגען, און דאן זאָלען זיי שווערען, אז זיי ווערען פערבלייבען רוהיג אין זייערע שלעסער און ניט ארויסגעהען פון דאָרט. ביי דער נעכסטער זיטצונג וועל איך דאָס פאָרשלאַגען.

### וויזלינגען.

א פרעהליכער און ביישטימענדער געשויי וועט ערשפּארען פאר אייער מאַיעסטעט צו ענדיגען די רעדע.

(אָב.)

---

## יארטהאוזען

### זיקינגען, בערליכינגען.

### זיקינגען.

יא, איך קום צו בעטען אייער עדעלע שוועסטער זי זאָל מיר געבען איהר הארץ און האנד.

### געטץ.

הלואי וואָלט איהר פריהער געקומען. איך מוז אייך זאָגען: וועהרענד זיין געפאנגענשאַפט האט וויזלינגען געוואונען איהר ליעבע, און איך האב זי איהם פערשפּראָכען. איך האב בעפרייט דעם פויגעל, און ער פעראַכטעט די גוטע האנד, וואס האט איהם, אין דער נויט, געגעבען צו עסען. יעצט פליהט ער ארום, ווייס גאָט אין וואס פאר א העק, צו זוכען זיין נאהרונג.

### זיקינגען.

איז דאס טאַקי אזוי?

### געטץ.

ווי איך זאָג.

### זיקינגען.

אויב אזוי, האט ער צוריסען א דאָפּעלטעס באנד. וואויל צו אייך, וואס איהר זייט ניט נעהנטער פערוואַנדט געוואָרען מיט'ן פערעטהער.

געטץ.

יעצט זיטצט דאס אָרעמע מיידעל און פערקלאגט און פערבי־טערט איהר לעבען מיט תפלות.

זיקינגען.

מיר וועלען זי מאַכען זי זאָל זינגען.

געטץ.

וואס! ענטשליסט איהר איך צו הייראטהען א פערלאָזענע?

זיקינגען.

עס מאַכט איך ביידע עהרע, וואס איהר זייט פון איהם בעטראָ־גען געוואָרען. זאָל דערפאר דאס אָרעמע מיידעל געהען אין א קלוי־סטער, ווייל דער ערשטער מאַן, וועמען זי האט דערקענט, איז געווען א ניכטסווירדיגער? אָה, ניין! איך בלייב דערביי, אז זי זאָל ווערען די קעניגין פון מיינע שלעסער.

געטץ.

איך זאָג אייך, זי איז ניט גלייכגילטיג געגען איהם.

זיקינגען.

געטרויעסטו מיר ניט, אז איך וועל קענען פערטרייבען דעם שאטען פון א לומפּ? לאָז מיך נאָר צו איהר.

(אָב.)

# לאגער פון דער רייכס־עקזעקוציאָן

הויפּטמאַן, אָפיציערען.

הויפּטמאַן.

מיר מוזען געהען פאָרזיכטיג און שוינען אונזערע לייט אזוי

פיעל ווי נאָר מעגליך. אויך איז אונזער אויסדריקליכער בעפעהל איהם צו פערטרייבען אין א ווינקעל און כאַפּען לעבעדיגערהייט.

ערשטער אָפיציער.

געוויס. און ער וועט זיך אויך וועהרען ווי א ווילדער חזיר. איי־בערהויפּט האט ער אונז קיינמאָל קיין שלעכטס ניט געטהון, און יעדער פון אונז וועט עס ארויפלעגען אויף א צווייטען ער זאָל עס טהון, אום נושא חן צו זיין ביים קייזער און ביים רייך.

צווייטער אָפיציער.

עס וואָלט געווען א שאנדע, ווען מיר זאָלען איהם ניט קריעגען. ווען איך וועל איהם נאָר איינמאָל אָנכאַפּען ביים קאָלנער, וועט ער שוין פון מיר ניט לויז ווערען.

ערשטער אָפיציער.

כאַפּט איהם נאָר ניט אָן מיט די צייהן, ווייל ער וועט אייך ארויסציהען די קיננבאַקען. מיין גוטער, יונגער הערר, אזעלכע מענ־שען כאַפּען זיך ניט ווי מען כאַפּט אָן ענטלויפענדען גנב.

צווייטער אָפיציער.

מיר וועלען זעהען.

הויפּטמאַן.

אונזערע בריעף דאַרף ער שוין יעצט האבען. מיר וועלען ניט פערזאַמען און ארויסשיקען א טרופּע סאָלדאַטען זיי זאָלען זעהען וואס ער טהוט.

צווייטער אָפיציער.

לאָזט מיך זיי פיהרען.

הויפּטמאַן.

איהר קענט ניט די געגענד.

צווייטער אָפיציער.

איך האב א קנעכט, וועלכער איז דאָ געבוירען און ערצויגען געוואָרען.

הויפטמאן.

איך בין צופריעדען.

---

# יארטהאוזען

---

זיקינגען.

אלעס געהט ווי געוואונשען. זי איז געוועזען אביסעל איבערראשט פון מיין אנטראג און מיך אנגעקוקט פון קאפ ביז פיס; איך וועטט, אז זי האט מיך פערגליכען מיט איהר ווייספיש. זי האט געענטפערט וועניג. אלץ בעסער! דאס וועט געוויס מוזען קאכען ביז עס וועט פארטיג ווערען. ביי מיידלעך, וועלכע זיינען געטראפען געווארען פון א ליעבע אונגליק, ווערט ניט באלד אנגענומען קיין ליעבעס פאר־שלאג.

געטץ (ערשיינט).

זיקינגען.

וואס איז פאר א נייעס, שוואגער?

געטץ.

מען האט מיך ערקלערט אלס הפקר.

זיקינגען.

וואס?

געטץ.

אט לייענט דעם שעהנעם בריעף. דער קייזער האט ארויסגעשיקט געגען מיר עקזעקוציאן, וועלכע קען צושניידען מיין פלייש און האדע־וועז דערמיט די פייגעל פון הימעל און די חיות פון פעלד.

זיקינגען.

צוערשט זאָלען זיי קומען. גראדע צו דער פּאַסענדער צייט בין איך דאָ.

געטץ.

ניין, זיקינגען, איהר זאָלט אוועק. אייערע גרויסע פּלענער קענען דערפאר צו גרונד געהען, ווען איהר זאָלט זיך ערקלערען אַלס שונא פון רייך צו אזא אונפּאַסענדער צייט. איך מיר וועט איהר מעהר נוטצען, ווען איהר וועט ערשיינען אונפּאַרטייאיש. דער קייזער ליעבט איך, און דאס ערגסטע וואס מיך קען טרעפען, איז, געפאנגען צו ווערען. דאַן בענוטצט אייער איינפלוס און רייסט מיך ארויס פון אן עלענד, אין וועלכען אונצייטיגע הילף קען אונז ביידע פעראונ־גליקען. און וואס איז עס? יעצט געהט דער צוג געגען מיר, ערפאהרען זיי, אז דו ביסט מיט מיר, דאַן שיקען זיי מעהר און מיר זיינען מיט גאָר ניט געהאָלפען.

זיקינגען.

דאָך קען איך אייך שיקען א צוואַנציג רייטער.

געטץ.

גוט. איך האב שוין ארויסגעשיקט געאָרג'ן צו רופען זעבליטץ'ן און מיינע קנעכט פון דער נאָכבארשאַפט. ליעבער שוואָגער, ווען מיינע חברה וועלען זיין צוזאַמען, וועט עס זיין א מחנה, וואס וועניג פירסטען האבען נאָך געזעהען אינאיינעם.

זיקינגען.

איהר וועט אבער זיין וועניג געגען דער מענגע.

געטץ.

איין וואָלף איז צו פיעל פאר א גאַנצע סטאַדע שעפּסען.

זיקינגען.

ווען זיי האבען אבער א גוטען פּאַסטוך?

געטץ.

זאָרג דיך ניט, עס זיינען לויטער געדונגענע. דאַן קען דער בע־

סטער ריטער גאָר ניט טהון, ווען ער איז ניט בעל־הבית איבער זיינע טהאטען. אזוי איז עס מיט מיר אמאָל פאָרגעקומען, ווען איך האב צוגעזאָגט צו דיענען דעם פפאלצגראַף געגען קאָנראַד שאָטטען; ער האט מיר פאָרגעלעגט א צעטעל, ווי איך זאָל רייטען און ווי איך זאָל מיך האלטען; דאַן האב איך צוריקגעוואָרפען צו די יועצים דאס פאפיר און געזאָגט: „אזוי קען איך ניט האנדלען; איך ווייס ניט וואס מיך קען בעגעגענען, און דאס שטעהט ניט אין צעטעל; איך מוז אליין האלטען אָפען די אויגען און זעהען וואס איך האב צו טהון.

זיקינגען.

איך ווינש דיר גליק, מיין ברודער! איך וועל גלייך אוועק און דיר באלד שיקען וואס איך קען צוזאמענקלייבען אין איילעניש.

געטץ.

קום נאָך צו די פרויען, איך האב זיי געלאָזען צוזאמען. איך וויל, אז דו זאָלסט האבען איהר וואָרט איידער דו געהסט. דאַן שיק מיר די רייטער און קום בסוד צוריק, אָבצוהאַלען מאריע'ן; וויל איך האב מורא, אז מיין שלאָס וועט באלד ניט קענען זיין קיין עיר־מקלט פאר פרויען.

זיקינגען.

לאָמיר האָפען אויף דאס בעסטע.

(אָב.)

---

# באַמבערג

אדעלהייד'ס צימער.

אדעלהייד, פראַנץ.

אדעלהייד.

אזוי, מען האט שוין אָבגעשיקט ביידע עקזעקוציאָנען?

פראַנץ.

יא, און מיין הערר האט דאס גליק צו קענען אויפטרעטען געגען אייערע שונאים. איך האב געוואָלט באַלד מיטגעהען, כאָטש איך גאה גערן צו אייך. איך וויל אויך יעצט ווידער אוועקגעהען, אום צוריק צו קומען מיט א פרעהליכער בשורה. מיין הערר האט עס מיר ער־לויבט.

אדעלהייד.

וואס טהוט ער עפּעס?

פראַנץ.

ער איז מונטער. מיר האט ער בעפוילען צו קושען אייער האַנד.

אדעלהייד.

דאָ — דיינע ליפּען זיינען ווארעם.

פראַנץ.

(צו זיך, ווייזענדיג אויף דער ברוסט:) דאָ איז נאָך ווארעמער! (הויך:) גנעדיגע פרוי, אייערע דיענער זיינען די גליקליכסטע מענשען.

אדעלהייד.

ווער פיהרט געגען בערליכינגען?

פראַנץ.

דער פון סיראו. לעבט וואָהל, בעסטע, גנעדיגע פרוי! איך מוז ווידער אוועק. פערגעסט מיך ניט.

אדעלהייד.

דו מוזט עפּעס עסען, טרינקען און רוהען.

פראַנץ.

צו וואס טויג עס? איך האב דאָך אייך געזעהען. איצט בין איך ניט מיעד און ניט הונגעריג.

אדעלהייד.

איך קען דיין טרייהייט.

פראַנץ.

אָה, גנעדיגע פרוי!

אדעלהייד.

דו וועסט עס ניט אויסהאַלטען. בערוהיג דיך און נעהם עפּעס.

פראַנץ.

אייער זאָרג פאר אן אָרעמען יונג. (אָב.)

אדעלהייד.

די טרערען שטעהען איהם אין די אויגען. איך ליעב איהם פון הארצען. אזוי וואהר און ווארעם איז נאָך קיינער צו מיר ניט געוועזען.

(אָב.)

## יארטהאוזען

געטץ, געאָרג.

געאָרג.

ער וויל מיט אייך אליין רעדען. איך קען איהם ניט. עס איז א הויכער מאַן מיט פייערדיגע אויגען.

געטץ.

ברענג איהם אריין.

לערזע (קוממ).

געטץ.

גאָט זאָל אייך גריסען! וואס ברענגט איהר עפּעס?

לערזע.

מיך אליין, דאס איז אפילו ניט קיין סך, דאָך, וואס עס איז, בעלאַנגט עס צו אייך.

געטץ.

איהר זייט מיר ווילקאָמען, דאָפּעלט ווילקאָמען. דאס איז דער־פאַר, ווייל איהר זייט א בראַוועד מאַן, און צו דיעזער צייט האב איך ניט ערוואַרטעט צו געווינען פריינד, נאָר איך האב מורא געהאַט אַלטע צו פערלירען. גיט מיר אייער נאָמען.

לערזע.

פראַנץ לערזע.

געטץ.

איך דאנק אייך, פראַנץ, וואס איהר האט מיך בעקאַנט געמאַכט מיט א בראַוועז מאַן.

לערזע.

איך האב אייך שוין איינמאָל מיט מיר בעקאַנט געמאַכט, אבער דאמאָלס האט איהר מיר דערפאַר ניט געדאַנקט.

געטץ.

איך קען מיך אָן אייך ניט עראינערן.

לערזע.

עס טהוט מיר לייד. געדענקט איהר, ווען איהר זייט צוליעב דעם פפאַלץ־גראַף געוואָרען דער שונא פון קאָנראַד שאָטען, און איהר האט געוואָלט אוועקרייטען קיין האספּוסט אין דער פאַסטנאַכט?

געטץ.

אודאי ווייס איך עס.

לערזע.

ווייסט איהר, ווי איהר זייט ביי א דאָרף ענטקעגען געקומען פינף־און־צוואַנציג רייטער?

געטץ.

ריכטיג. אָנפאַנגס האב איך געמיינט, אז זיי זיינען נאָר צוועלף, ווען צוטהיילענדיג מיינע לייט, וועלכע זיינען געווען זעכצעהן, אויף צוויי חלקים, האב איך מיך אָבגעשטעלט ביים דאָרף הינטער דער שייער, זיי ערוואַרטענדיג, זיי זאָלען נעבען אונז פאַרבייגעהען. דאַן האב איך זיי געוואָלט נאָכיאָגען.

לערזע.

אבער מיר האבען אייך געזעהען, און זיינען אוועק אויף א באַרג אין דאָרף. איהר האט פאַרביי געצויגען און געבליעבען שטעהען אונ־טען. אזוי ווי מיר האבען געזעהען, אז איהר ווילט ניט ארויפקומען, זיינען מיר ארונטער געריטען.

געטץ.

דאַן האב איך ערשט דערזעהען מיין טעות. פינף־און צוואַנציג געגען אכט! עס האט מעהר גאָר ניט געהאָלפען. ערהאַרדט טרוכ־זעטץ האט דורכגעשטאָכען מיינעם א קנעכט, דערפאר האב איך איהם ארונטערגעשליידערט פון פערד. ווען אלע וואָלטען זיך געהאַלטען ווי ער און זיין קנעכט, וואָלט איך מיט מיינע לייט זעהר מיאוס אָבגע־שניטען.

לערזע.

דער קנעכט, פון וועלכען איהר רעדט...

געטץ.

ער איז געווען דער בראַווסטער, וואס איך האב נאָך ווען עס איז געזעהען. ווען איך האב געמיינט, אז איך בין שוין פאַרטיג מיט איהם און מיך געוואָלט נעהמען צו אַנדערע, איז ער ווידער געווען נעבען מיר און גוט געקלאַפּט. ער האט מיר אויך דורכגעהאַקט דעם פּאַנ־צער־אַרבעל און געגרייכט טיעף אין פלייש אריין.

לערזע.

האט איהר איהם שוין מוחל געווען?

געטץ.

ער איז מיר שטארק געפעלען געוואָרען.

לערזע.

אויב אזוי, האָף איך, אז איהר וועט זיין מיט מיר צופריעדען; איך האב מיין פּראָבע איבער אייך אליין אָבגעלעגט.

געטץ.

ביסטו עס? אָך, ווילקאָמען, ווילקאָמען! קענסטו זאָגען, מאַק־סימיליאַן, אז דו האָסט צווישען דיינע דיענער אזעלכען געהאט?

לערזע.

מיך וואונדערט נאָר, וואס איהר זייט ביז יעצט אויף מיר ניט געוואָרען אויפמערקזאם.

געטץ.

ווי זאָל מיר איינפאַלען, אז יענער, וואס האט מיך אָנגערופען אלס דער ערגסטער שונא, וועט ווערען מיין פריינד?

לערזע.

אָט דאס טאַקי מיין איך, מיין הערר! פון מיין יוגענד אָן דיען איך אלס רייטערסקנעכט און האב שוין געקעמפּפט ניט מיט איין ריטער. ווי מיר האבען זיך מיט אייך בעגעגענט, האט עס מיך גע־פרייט. איך האב געקענט אייער נאָמען און דאָרט האב איך אייך אליין אויך דערקענט. איהר ווייסט, אז איך האב ניט געהאַלטען קיין שטאַנד; איהר האט אבער אויך געזעהען, אז דאס איז ניט געוועזען קיין מורא, ווייל איך בין ווידער צוריק געקומען. קורץ, איך האב אייך דערקענט און פון דאמאָלס אָן האב איך געשוואָרען אייך צו דיענען.

געטץ.

ווי לאַנג ווילט איהר ביי מיר פערבלייבען?

לערזע.

אַ יאָהר, אָהן בעצאָהלונג.

געטץ.

ניין, איהר זאָלט געהאַלטען ווערען ווי אן אנדערער, און דער־פאר ווי דער, וועלכער האט מיר געגעבען ארבייט ביי רעמלין.

געאָרג (קוממ:)

האַנס פון זעבליטץ לאָזט אייך גריסען. מאָרגען וועט ער דאָ זיין מיט פופציג מאַן.

געטץ.

גוט.

געאָרג.

איך האב געזעהען א טרופע פון רייכס־סאָלדאַטען, הפנים צו שפּיאָנירען איבער אייך.

געטץ.

ווי פיעלע?

געאָרג.

א פופציג שטיק.

געטץ.

ניט מעהר? קום, לערזע, לאָמיר זיי אביסעל אָנשמייסען; כדי, ווען זעבליטץ וועט קומען, זאָל ער שוין געפינען א שטיק ארבייט פארטיג.

לערזע.

דאס וועט טאקי זיין א שעהנער אָנפאַנג.

געטץ.

אויף די פערד!

(אָב.)



# וואלד אויף א בלאָטיגען פּלאַטץ

צוויי רייטערקנעכט בעגעגענען זיך.

ערשטער קנעכט.

וואס טהוסטו דאָ?

צווייטער קנעכט.

איך האב געבעטען אויף אביסעל פרייהייט כדי איך זאָל מיך אביסעל ערהאָלען. זייט דעם בלינדען ליארמען פון נעכטען אבענד, איז עס מיר נעגאנגען ווי דורך די געדערעם און איך מוז יעדען אויגענבליק ארונטער פון פערד.

ערשטער קנעכט.

איז די טרופּע געבליעבען שטעהען ניט וויים פון דאנען?

צווייטער קנעכט.

א שטונדע ארויף פון וואלד.

ערשטער קנעכט.

ווי־זשע ביסטו פערלאָפען ביז אהער?

צווייטער קנעכט.

איך בעט דיך, פערראטה מיך ניט. איך וויל אוועק צום נעכסטען דאָרף און זעהען, אויב איך וועל מיר ניט קענען העלפען צו־לעגענדיג ווארעמע אומשלעגע. פון וואנען קומסטו?

ערשטער קנעכט.

פון נעכסטען דאָרף. איך האב געבראכט פאר אונזערע אָפיציערען וויין און ברויט.

צווייטער קנעכט.

אזוי, ער לאָזט זיך וואויל געהען און מיר זאָלען פאסטען. א שעהנער ביישפּיעל!

ערשטער קנעכט.

קום מיט צוריק, שורקע!

צווייטער קנעכט.

א נאר בין איך!

ערשטער קנעכט.

הערסטו, פערר?

צווייטער קנעכט.

אוי וועה!

ערשטער קנעכט.

איך קריך ארויף אויף א בוים.

צווייטער קנעכט.

איך בעהאלט מיך אין שילף.

---

געטץ, לערזע, קנעכט, געאָרג אויף פערד.

געטץ.

אָט דאָ נעבען טייך אוועק צו דער לינקער האנד אין וואלד אריין און מיר וועלען זיי אָניאָגען גלייך אין רוקען.

(זיי לויפען פארביי.)

ערשטער קנעכט (געהט ארונטער פון בוים:)

דאָ איז ניט גוט צו זיין. מיכעל! ער ענטפערט ניט? ער איז הפּנים פערזונקען! מיכעל! ער הערט מיך ניט, ער איז דערשטיקט! ביסטו קרעפּירט, דו לעמעשקע. — מיר זיינען בעזיעגט, שונאים, אי־בעראל שונאים!

געטץ, געאָרג אויף פערד.

געטץ.

בלייב שטעהען, דו, אדער דו שטארבסט!

קנעכט.

האט רחמנות אויף מיין לעבען.

געטץ.

דיין שווערט! געאָרג, פיהר איהם צו די אנדערע געפאנגענע, וועלכע לערזע האלט דאָרט אונטער׳ן וואלד. איך מוז דערגרייכען זייער ענטלויפענדען פיהרער. (אָב.)

קנעכט.

וואס איז געוואָרען פון אונזער ריטער, וועלכער פיהרט אונז?

געאָרג.

אונטערשטער אדער אויבערשטער, מיין העדר האט איהם ארונ־טערגעשליידערט פון פערד און זיין פעדערבוש איז געבליעבען שטע־קען אין קויט. זיינע רייטער האבען איהם אויפגעהויבען אויפ׳ן פערד און ענטלאָפען, ווי געטראָגען פון טייוועל.

(אָב.)

## לאַגער

הויפטמאַן, ערשטער ריטער.

ערשטער ריטער.

ער וועט זיי נאָכיאָגען. לאָזט ארויסרייטען א פופציג ביז צו דער מיהל; ווען ער וועט זיך פערלירען צו ווייט, וועלען מיר איהם פיעל־לייכט כאפּען. (אָב.)

צווייטער ריטער אריינגעפיהרט.

הויפטמאַן.

ווי געהט עס, יונגער הערר? האט איהר זיך דאָרט אָבגע־בריהט?

ריטער.

כאַפּט עס די כאָלערא! דאס שטארקסטע אייזען וואָלט צו־שמעטערט געוואָרען ווי גלאָז. צום טייוועל! ער איז אויף מיר צו־געלאָפען אזוי, אז עס האט אויסגעזעהען, דאס דער דונער האט מיך אין דער ערד אריינגעשלאָגען.

הויפטמאַן.

דאנקט גאָט וואס איהר זייט נאָך דערמיט אליין אָבגעקומען.

ריטער.

עס איז ניט צו דאנקען, א פּאָאר ריפּען זיינען סיי־ווי־סיי צו־בראָכען. וואו איז דער פעלדשער?

(אָב.)

---

# יארטהאוזען

געטץ, זעבליטץ.

געטץ.

וואס זאָגסטו עפּעס צו דער פערדאמונג געגען מיר?

זעבליטץ.

דאס איז וויזלינגען'ס שטיקעל ארבייט.

גנעטץ.

גלויבסטו עס?

זעבליטץ.

ניט איך גלויב, נאָר איך ווייס.

גנעטץ.

פון וואנען?

זעבליטץ.

ער איז געוועזן אויפ'ן רייכסטאג, ער איז געוועזן מיט'ן קייזער.

גנעטץ.

גוט. דאן צושטערען מיר ווידער איינעם פון זיינע פּלענער.

זעבליטץ.

איך האָף עס.

גנעטץ.

לאָמיר שוין ארויס, און זאָל אָנפאנגען די האָזען יאגד.

## לאַגער

הויפּטמאַן, ריטער.

הויפּטמאַן.

דערמיט, מיינע הערען, קומט גאָר ניט ארויס. ער וועט צו־שלאָגען איין הויפען נאָך'ן אַנדערן. און וואס עס וועט ניט אומקומען און ווערען געפאנגען, וועט ענטלויפען בעסער אין גאָטעס נאָמען אין טירקיי, איידער צוריק צו קומען אין לאגער. אזוי ווערען מיר אלע טאָג שוואכער. מיר מוזען איינמאָל פאר אלע מאָל איהם אליין אָנ־

גרייפען און דאס אויך אין פולען ערנסט; איך וועל אליין דערביי זיין און ער זאָל זעהען מיט וועמען ער האט צו טהון.

ריטער.

מיר זיינען אלע צופריעדען. ער קען אבער אזוי די געגענד, ער וויים פון אלע ליקען און גיינג אין די בערג, און מען קען איהם פונקט אזוי ניט כאפען ווי א מויז אין קאָרן־שפייכלער.

הויפּטמאַן.

מיר וועלען איהם שוין קריעגען. צו ערשט וועלען מיר געהען קיין יארטהויזען. זאָל ער וועלען אדער ניט, ער מוז אהין קומען צו פערטהיידיגען זיין שלאָס.

ריטער.

זאָל אונזער גאנצער הויפען מענשען מארשירען?

הויפּטמאַן.

געוויס. ווייסט איהר, אז מיר האבען שוין מיט הונדערט וועניגער?

ריטער.

דערפאר געשווינד, איידער דאס גאנצע שטיק אייז ווערט אויפגעפרוירען. עס ווערט ווארעם אין אונזער נאכבארשאפט, און מיר שטעהען מיט פוטער אויף דער זונן.

---

# בערג און וואַלד

געטץ, זעבליטץ, טרופען.

געטץ.

זיי קומען אלע מיט אמאָל. עס איז אויך געוועזן די העכסטע צייט, וואס זיקינגען'ס ריטער האבען אונז געגרייכט.

זעבליטץ.

לאָמיר זיך צוטהיילען. איך וועל ציהען לינקס אין דער הויך

געטץ.

גוט. און דו, פראַנץ, פיהר מיר די פופציג רעכטס ארויף דורך'ן וואלד. זיי וועלען קומען איבער דער לאָנקע, און איך וועל זיי מקבל פנים זיין. געאָרג, דו בלייבסט נעבען מיר. און ווען איהר זעהט, אז זיי גרייפען מיך אָן, אזוי וואַרט ניט און בעפאַלט זיי אין די זייטען. מיר וועלען זיי פּאַטשען. זיי פאַלט גאָר ניט איין, וואס מיר קענען זיי טהון.

(אָב.)

---

# לאָנקע

אויף איין זייט א באַרג, אויף דער צווייטער א וואלד.

הויפּטמאַן, עקזעקוציאָנסצוג.

הויפּטמאַן.

ער האט זיך אָבגעשטעלט אויף דער לאָנקע. דאס הייסט אביסעל חוצפּה. ער זאָל חרטה האבען. וואס, ניט מורא צו האבען פאַר'ן שטראָם, וואס וועט אויף איהם אויסברעכען?

ריטער.

איך וואָלט ניט וועלען איהר זאָלט רייטען דער ערשטער; ער האט עפּעס אזא מין כח, אז דעם ערשטען, וואס ער גרייפט אָן, וויל ער איהם איינפלאַנצען אין דער ערד. רייטעט בעסער פון הינטען.

הויפּטמאַן.

איך בעשטעה ניט דארויף.

ריטער.

איך בעט אייך. איהר זייט דאָך דער קניפּ פון דיעזען בינטעל שטעקעלעך. בינדט איהם אויף, וועט ער זיי צוברעכען איינציגווייז ווי שטיקלעך שטרוי.

הויפּטמאַן.

טראָמפּעטער, בלאָז! און איהר בלאָזט איהם אוועק!

(אָב.)

זעבליטץ (פון אונטען קומט ארויס אין גאַלאָפּ:)

נאָך מיר! זיי וועלען באַלד וויסען וואס דאָ טהוט זיך!

(אָב.)

לערזע (פון וואַלד:)

געטץ'ן צו הילף! ער איז באַלד ארומגערינגעלט. בראוועד זעבליטץ, דו האָסט שוין געמאַכט לופט. מיר וועלען יעצט בעזעען די לאַנקע מיט זייערע דערנער קעפּ.

(פאַרביי, געטומעל.)

---

# א באַרג מיט א וואַרט־טהורם

זעבליטץ פערוואונדעט. קנעכט.

זעבליטץ.

לעגט מיך אוועק און איהר געהט צו געטץ'ן.

ערשטער קנעכט.

לאָזט אונז בלייבען, העדר, איהר בעדאַרפט אונז.

זעבליטץ.

זאָל ער ארויפגעהען אויפ'ן ווארט־טהורם און זעהען וואס עס טהוט זיך.

ערשטער קנעכט.

ווי אזוי וועל איך ארויף געהען?

צווייטער קנעכט.

געה ארויף אויף מיינע שולטער, קענסטו שוין דערגרייכען די ליק און פון דאָרט ווייטער קריכען.

ערשטער קנעכט (קריכט ארויף:)

אָך, הערר!

זעבליטץ.

וואס זעהסטו?

ערשטער קנעכט.

אייערע רייטער לויפען צום בארג צו.

זעבליטץ.

פערדאמטע לומפען! הלואי וואָלטען זיי געבליעבען שטעהען און איך זאָל האבען א קויל אין קאָפּ. זאָל איינער אהין צורייטען, און זיי פערפלוכען און צוריקטרייבען. (קנעכט אָב.) זעהסטו געטץ'ן?

קנעכט.

איך זעה די דריי שווארצע פעדערן אין מיטען פון טומעל.

זעבליטץ.

שווים, בראווער שווימער, איך ליעג דאָ!

קנעכט.

א ווייסער פעדערבוש, ווער איז דאס?

זעבליטץ.

דער הויפּטמאַן.

קנעכט.

געטץ דרענגט זיך צו איהם — באנג! ער איז געפאלען!

זעבליטץ.

דער הויפטמאן?

קנעכט.

יא, הערר.

זעבליטץ.

גוט, גוט! וואויל!

קנעכט.

וועה, וועה! געטץ'ן זעה איך ניט מעהר.

זעבליטץ.

דאן שטארב דו אויך, זעבליטץ!

קנעכט.

עס איז א שרעקליכעס געדרענג, וואו ער איז געשטאנען. געארג'ס בלויער בוש פערשווינדעט אויך.

זעבליטץ.

קום ארונטער. זעהסטו ניט לערזען?

קנעכט.

ניין. אלעס געהט ארונטער און אריבער.

זעבליטץ.

גענוג. קום. ווי האלטען זיך זיקינגען'ס רייטער?

קנעכט.

גוט. אט שוועבט איינער צום וואלד. נאך איינער, א גאנצער טרופ. געטץ איז ניטא.

זעבליטץ.

קום אראב.

קנעכט.

איך קען ניט. — גוט, וואויל! איך זעה געטץ'ן! איך זעה געאָרג'ן!

זעבליטץ.

אויף פערד?

קנעכט.

הויך אויף די פערד! זיי זיעגען! זיעגען! יענע ענטלויפען!

זעבליטץ.

די רייכסטרופען?

קנעכט.

די פאָהן אין מיטען, געטץ הינטער זיי. זיי צושפרייטען זיך. געטץ דערגרייכט דעם פאָהנען־טרעגער; ער האט די פאָהן! ער בלייבט שטעהען! א הויפען מענשען ארום איהם. מיין קאמעראד האט איהם דערגרייכט, — זיי געהען אלע ארויף.

געטץ, געאָרג, לערזע, א טרופ.

זעבליטץ.

איך ווינש דיר גליק, געטץ! זיעג! זיעג!

געטץ (געהט ארונטער פון פערד:)

טהייער! טהייער! דו ביסט פערוואונדעט, זעבליטץ?

זעבליטץ.

דו לעבסט און זיעגסט! איך האב וועניג געטהאָן, און מיינע הינט, די רייטער? ווי אזוי האָסטו דיך געראַטעוועט?

געטץ.

היינטיגעס מאָל איז עס געגאָלטען! און דאָ דאנק איך געאָרג'ן פאר'ן לעבען, און לערזע'ן דאנק איך. איך האב ארונטערגעוואָרפען דעם הויפטמאן פון פערד. זיי האבען דאָן דערשטאָכען מיין פערד

און געדרונגען אויף מיר. געאָרג האט זיך דורכגעשלאָגען צו מיר און איז ארונטערגעשפּרונגען; איך, ווי דער בליטץ, בין ארויף אויף זיין פערד, און ווי דער דונער איז ער אויך ווידער געזעסען רייטענדיג. פון וואנען קומט צו דיר א פערד?

געאָרג.

איינעם, וועלכער האט מיך געקלאפּט, האב איך אריינגעשטויסען דעם קינזשאַל אין די געדערים, בשעת זיין פאַנצער האט זיך אויפגע־הויבען. ער איז ארונטערגעפאלען, און איך האב איך בעפרייט פון א פיינד און מיר פערדיענט א פערד.

געטץ.

דאַן זיינען מיר געבליעבען שטעהען, ביז פראַנץ האט זיך צו אונז דורכגעשלאָגען, און דאַן האבען מיר זיך דורכגעשניטען א וועג.

לערזע.

די הינט, וואס איך האב געפיהרט, האבען בעדארפט פון דרויסען אריין שניידען ביז אונזעריגע וואָלטען זיך בעגעגענט. אבער זיי זיינען ענטלאָפען ווי רייכסקנעכט.

געטץ.

פריינד און פיינד זיינען ענטלאָפען. נאָר דו, קליינער הויפען, האָסט מיר געהאלטען פריי דעם רוקען. איך האב מיט די חברה פאר מיר געהאט גענוג צו טהון. דער פאַל פון זייער הויפּטמאַן האט מיר געהאָלפען זיי צו צוטרייסלען, און זיי זיינען ענטלאָפען. איך האב זייער פאָהן און עטליכע געפאַנגענע.

זעבליטץ.

איז דער הויפּטמאַן ענטרונען?

געטץ.

זיי האבען איהם בשעת מעשה געראַטעוועט. קומט, קינדער, קום, זעבליטץ! — מאַכט א טראָג־בעט פון צווייגען. דו קענסט ניט זיטצען אויפ'ן פערד. קומט אין מיין שלאָס. זיי זיינען צושפּרייט.

אבער אונזערע זיינען דאָ ווענינ, און איך ווייס ניט, אויב זיי האבען נאָכצושיקען טרופּען. איך וועל אייך בעדיענען, מיינע פריינד. א גלאָז וויין שמעקט זעהר גוט נאָך א שטיקעל ארבייט.

# לאַגער

### הויפּטמאַן.

איך וואָלט אייך וועלען אלע אומברענגען מיט אייגענער האנד. וואס, ענטלויפען? ער האט שוין מעהר ניט געהאט ווי איין קליין הויפעלע מענשען. צו ענטלויפען פאר איין מאן! קיינער וועט דאס ניט גלויבען, אויסער אזעלכער, וואס האט חשק פון אונז צו לאַכען.— רייט ארום איהר, און איהר, און איהר. וואו איהר וועט געפינען עפּעס פון אונזערע צושפּרייטע קנעכט, ברענגט זיי צוריק, אדער דערשטעכט זיי. מיר מוזען אויסרייסען דיעזע קראָפּעווע.

# יארטהאוזען

### געטץ, לערזע, געאָרג.

### געטץ.

מיר דארפען ניט פערלירען קיין אויגענבליק! אָרעמע יונגען, איך גיב אייך אפילו ניט קיין צייט זיך אויסצורוהען. יאגד געשווינד ארום און זוכט נאָך ריטער אויפצוטרייבען. בעשטעלט זיי אלע קיין וויילערען, דאָרט זיינען זיי אם זיכערסטען. ווען זיי צעגערען, דאַן וועט מען קומען צו מיין שלאָס. (די צוויי אַב.) איך מוז ארויסשיקען

איינעם צו שפּיאָנירען. עס הייבט אָן צו ווערען הייס, און ווען זיי וואָלטען נאָר געווען בראַווע מענשען, אבער דאָ האַנדעלט זיך עס פון דער מענגע! (אָב.)

### זיקינגען, מאַריאַ.

**מאַריאַ.**

איך בעט אייך, ליעבער זיקינגען, געהט ניט אוועק פון מיין ברודער. זיינע רייטער, זעבליטץ'ס און אייערע, זיינען צוטריעבען; ער איז אליין. זעבליטץ איז געבראַכט געוואָרען א פערוואונדעטער אין זיין שלאָס, און איך האב מורא פאר אלעס.

**זיקינגען.**

זייט רוהיג, איך געה ניט אוועק.

**געטץ** (קומט:)

קומט אין קירכע, דער גייסטליכער וואַרט. ביז אין א פערטעל שטונדע, זאָלט איהר מיר זיין א פּאָאָר.

**זיקינגען.**

לאָזט מיך דאָ.

**געטץ.**

יעצט זאָלט איהר געהען אין קירכע.

**זיקינגען.**

מיט פערגניעגען — און דערנאָך?

**געטץ.**

דערנאָך זאָלט איהר געהען אייער וועג.

**זיקינגען.**

געטץ!

**געטץ.**

ווילט איהר ניט געהען אין קירכע?

זיקינגען.

קומט, קומט!

## לאגער

הויפטמאן, ריטער.

הויפטמאן.

וויפיעל זיינען זיי צוזאמען?

ריטער.

הונדערט און פופציג.

הויפטמאן.

פון פיער הונדערט? דאס איז שלעכט. יעצט מוז מען גלייך אוועק קיין יארטהויזען, איידער ער ערהאלט זיך ווידער און שטעלט זיך אונז אין וועג.

## יארטהאוזען

געטץ, עליזאבעטה, מאריא, זיקינגען.

געטץ.

גאט זאל אייך בענשען און אייך געבען גליקליכע טעג און בעהאלטען יענע טעג, וואס ער ציהט אייך אב, פאר אייערע קינדער.

עליזאַבעטה.

און זיי זאָלען זיין ווי איהר זייט: גוט! און דאַן זאָלען זיי ווערען וואס זיי ווילען.

זיקינגען.

איך דאַנק אייך. איך דאַנק אייך אויך, מאַריאַ. איך האב זייך געפיהרט צום אַלטאַר און איהר זאָלט מיך פיהרען צו גליקזעליגקייט.

מאַריאַ.

מיר וועלען צוזאַמען עולה־רגל זיין צו יענעם פרעמדען געליעב־טען לאַנד.

געטץ.

גליק אויף דער רייזע!

מאַריאַ.

אזוי מיינען מיר ניט, מיר פערלאָזען אייך ניט.

געטץ.

שוועסטער, דו מוזט!

מאַריאַ.

ברודער, דו ביסט זעהר אונבאַרמהערציג!

געטץ.

און איהר זייט צערטליכער ווי פאַרזיכטיג.

געאָרג (ערשיינט:)

(בסוד:) איך קען קיינעם ניט אויפטרייבען. בלויז איינער איז געוועזן בעניינגט. דערנאָך האט ער חרטה געהאַט.

געטץ.

גוט, געאָרג. דאס גליק הייבט אָן צו געהען געגען מיר. איך האב שוין געפיהלט. (הויך:) זיקינגען, איך בעט אייך, געהט אוועק נאָך היינטיגען אבענד. רעדט איבער מאַריאַ'ן. זי איז אייער פרוי. זאָל

זי עס פיהלען. ווען װײבער מישען זיך אריין אין אונזערע אונטערנעה־מונגען, איז אונזער פיינד אין פרייען פעלד נאך זיכערער ווי אין דער פעסטונג.

קנעכט (קומט:)

(שטיל:) די רייכס־סאלדאטען זיינען אויפ'ן מארש גלייך אהער, זעהר שנעל.

געטץ.

איך האב זיי אויפגעוועקט מיט ריטער. וויפיעל זיינען זיי?

קנעכט.

אונגעפעהר צוויי הונדערט. זיי זיינען ניט מעהר ווי צוויי שטונ־דען פון דאנען.

געטץ.

נאך פון יענער זייט טייך?

קנעכט.

יא, הערר.

געטץ.

ווען איך וואלט געהאט בלויז פופציג מאן, וואלטען זיי שוין ניט אריעבער. האסטו ניט געזעהען לערזע'ן?

קנעכט.

ניין, הערר.

געטץ.

בעט אלע זיי זאלען זיך האלטען בערייט. — מען מוז זיך שיידען, מיינע ליעבע. וויין, מיין ליעבע מאריא, עס ועלען נאך קומען צייטען ווען דו וועסט דיך פרייען. עס איז בעסער ווען דו וויינסט אין דיין חתונה־טאג, ווי צו פיעל גרויסע פרייד זאל זיין דער פאר־שליח פאר שפעטערען עלענד. לעבט וואהל, מאריע, לעבט וואהל, ברודער!

מאריא.

איך קען ניט אוועק פון דיר, ברודער. ליעבער ברודער, לאז אונז

דאָ. אכטעסטו מיין מאַן אַזוי וועניג, אז דו זאָלסט צוריק ווייזען זיין הילף אין דיעזער גרויסער נויט ?

געטץ.

יא, עס איז שוין מיט מיר ווייט געקומען. אפשר בין איך נאָהענט צו מיין פאַל. איהר הייבט אָן היינט צו לעבען און איהר זאָלט זיך אָבטהיילען פון מיין שיקזאַל. איך האב בעפוילען אָנצוזאָטלען אייערע פערד. איהר מוזט באַלד אוועק.

מאַריא.

ברודער! ברודער!

עליזאַבעטה (צו זיקינגען:)

גיט איהם נאָך, געהט!

זיקינגען.

ליעבע מאַריע, לאָמיר געהען.

מאַריא.

דו אויך? מיין הארץ וועט צובראָכען ווערען.

געטץ.

דאַן בלייב! אין אייניגע שטונדען וועט מיין פעסטונג זיין ארומגערינגעלט. דו וועסט האבען פערוויינט דיין מאַן מיט מיר אין איין שיקזאַל.

מאַריא.

דו מאַטערסט מיך.

געטץ.

בלייב! בלייב! מיר וועלען געפאַנגען ווערען צוזאַמען. זיקינ־גען, דו וועסט מיט מיר אריינפאַלען אין גרוב. איך האב געהאָפט, אז דו וועסט מיר ארויסהעלפען.

מאַריא.

מיר וועלען אוועקגעהען. שוועסטער! שוועסטער!

געטץ.

ברעננט זי אין זיכערהייט, און דאַן דערמאַהנט זיך אַן מיר.

זיקינגען.

איך וועל ניט בעשטייגען איהר בעט, ביז איך וועל וויסען, אז איהר זייט ארוים פון געפאהר.

געטץ.

שוועסטער! ליעבע שוועסטער! (קושט זי.)

זיקינגען.

אוועק! אוועק!

געטץ.

נאָך אַן אויגענבליק — איך זעה אייך ווידער. טרייסט אייך! מיר וועלען זיך ווידער זעהען.

(זיקינגען, מאריא, אָב.)

געטץ.

איך האב זי געטריעבען, און זעהענדיג, אז זי געהט, וואָלט איך זי וועלען פערהאַלטען. עליזאבעטה, דו בלייבסט מיט מיר.

עליזאַבעטה.

ביז צום טויט! (אָב.)

געטץ.

וועמען גאָט האט ליעב, דעם זאָל ער געבען אזא פרוי.

געאָרג (ערשיינט:)

זיי זיינען שוין נאָהענט. איך האב זיי געזעהען פון טהורם. די זונן איז אויפגעגאנגען ווען איך האב געזעהען דאס בלינקען פון זייערע פיקעס. ווי איך האב זיי געזעהען, האב איך מיך ניט מעהר דערשראָקען ווי א קאַטץ פאר אן ארמעע מייז. כאָטש מיר שפּיעלען גאָר די ראָלע פון ראַטטען.

געטץ.

גיב נאָר אכטונג אויף די טויער־רינגלען. פערשפּאַר זיי פון אינ־

וועניג מיט באַלקען און שטיינער. (געאָרג אָב.) מיר וועלען האַלטען זייער געדולד פאר די נאַררען, און זייער העלדישקייט זאָלען זיי אויפ־פרעסען מיט זייערע אייגענע נעגעל. (טראָמפּעטען פון דרויסען.) אהא, א לומפּ מיט א רויטען ראָק, וועלכער וועט אונז פאָרלעגען די פראגע, אויב מיר ווילען זיין מיאוס׳ע ברואים. (ער געהט צום פענסטער.) וואס איז נייעס? (מען הערט רעדען פון וויטען.)

געטץ (צו זיך אליין:)

א שטריק ארום דיין האַלז.

(טראָמפּעטער רעדט ווייטער.)

געטץ.

בעליידיגער דער מאַיעסטעט! — די אויפפאָדערונג האט גע־מאכט א גלח.

(טראָמפּעטער ענדיגט.)

געטץ (ענטפערט:)

מיך אונטערגעבען? אויף גנאדע אדער אונגנאדע? מיט וועמען רעדט איהר? בין איך א רויבער? זאָג עס דיין הויפּטמאַן! פאר זיין קייזערליכער מאַיעסטעט האב איך, ווי אימער, גרויסען רעספּעקט. ער אבער, זאָג עס איהם, ער קען מיך — — — — (פערהאַקט דאס פענסטער.)

---

# בעלאגערונג

קיך.

עליזאַבעטה, געטץ.

געטץ.

דו האָסט ארבייט, אָרעמע פרוי.

עליזאַבעטה.

איך ווינש מיר איך זאָל זי האבען אויף לאַנג. מיר וועלען אבער ניט קענען אויסהאַלטען לאַנג.

געטץ.

מיר האבען קיין צייט ניט געהאַט אונז צו בעזאָרגען.

עליזאַבעטה.

און די פיעלע מענשען, וואס דו האָסט זייט דאַמאָלס געשפּייזט. מיט'ן וויין קענען מיר שוין אויך קוים אויסקומען.

געטץ.

ווען מיר זאָלען ניט האַלטען ביי א געוויסען פּונקט, אז זיי זאָלען פערלאַנגען קאַפּיטולאַציאָן. זיי שיסען דעם גאַנצען טאָג און פערוואונדען אונזערע מויערן און צוברעכען אונזערע שויבען. לערזע איז א בראַווער מאַן; ער געהט ארום מיט זיין ביקס; אזוי גיך ווי איינער וואגט זיך נאָר צו נאָהענט, פּפאַף! און ער ליעגט שוין!

קנעכט.

קוילען, גנעדיגע פרוי.

געטץ.

וואס איז נייעס?

קנעכט.

שוין ניטאָ קיין קוילען, מיר מוזען גיסען נייע.

געטץ.

ווי שטעהט עס מיט פּולווער?

קנעכט.

ניט שלעכט. מיר שפּאָרען איין מיט'ן שיסען וואו מיר קענען נאָר.

# זאַל

לערזע מיט קוילענפאַרמע. קנעכט מיט קוילען.

לערזע.

קומט נאָר אהער און זעהט וואו איהר קענט קריעגען בליי אין הויז. דערווייל וועל איך דאָ עפּעס טהאָן. (הייבט ארויס א פענסטער און שלאָגט אויס די שויבען.) אַלע פּאַרטלען גילטען. — אזוי געהט עס אין דער וועלט, קיין מענש ווייס וואס עס קען נאָך ווערען. דער גלעזער, וואס האט איינגעפּאסט די גלעזער, האט געוויס ניט גערע־כענט, אז דאס בליי וועט פערארזאכען קאָפּ־וועהטאָג פאר זיינעם אן אור־אייניקעל. און ווען מיין פאָטער האט מיך געמאכט, האט ער ניט גערענקט, וועלכער פויגעל אונטער'ן הימעל, וועלכער וואָרים אין דער ערד וועט מיך אויפפרעסען.

געאָרג (קומט מיט א דאך־רינגע:)

דאָ האָסטו בליי. ווען דו וועסט נאָר טרעפען מיט דער העלפט, וועט ניט בלייבען קיין איינציגער, וואס וועט קענען אָנזאָגען זיין מאַיעסטעט: „הערר, מיר האבען שלעכט אָבגעשניטען."

לערזע (האקט אָב א שטיק:)

א פיין שטיק סחורה!

געאָרג.

איצט וועט דער רעגען זיך מוזען זוכען אן אנדערן וועג. מיר טהוט עס ניט באנג; א בראַווער רייטער און א רעכטער רעגען קומען דורך איבעראַל.

לערזע (גיסט:)

האַלט דעם לעפעל. (געהט צו צום פענסטער:) דאָרט געהט עס ארום א רייכס־חברה־מאַן מיט דער ביקס. זיי דענקען, אז מיר

האבען שוין ניט מיט וואס צו שיסען. ער זאָל מיר פערזוכען א קויל, ווארעמערהייט, אזוי ווי זי קומט ארויס פון דער פאַן. (לאָדעט.)

געאָרג (לעהנט אָן דעם לעפעל:)

לאָז מיך זעהען.

לערזע (שיעסט:)

אָט ליעגט ער!

געאָרג.

פריהער האט ער געשאָסען נאָך מיר. (זיי גיעסען.) ער האט געשאָסען אקוראט, ווען איך בין ארויס דורך'ן דאך־פענסטער צו נעהמען די רינגע. ער האט געטראָפען א טויב, וועלכע איז געזעסען ניט ווייט פון מיר; זי איז אריינגעפאלען אין דער רינגע. איך האב איהר געדאנקט פאר'ן בראטען און בין ארונטער מיטביידע זאכען.

לערזע.

יעצט וועלען מיר אָנלאָדען און ארומגעהען דעם גאנצען שלאָס אום צו פערדיענען אונזער מיטאָגעסען.

געטץ (ערשיינט).

בלייב דאָ, לערזע. איך האב מיט דיר עפּעס צו רעדען. דיך, געאָרג, וויל איך ניט אָבהאלטען פון דער יוגענד.

(געאָרג אָב.)

געטץ.

זיי באַטען מיר אָן א פערטראג.

לערזע.

דאן וועל איך ארויסגעהען און הערען וואס דאס איז.

געטץ.

עס וועט זיין, אז איך זאָל מיך אויף בעדינגונגען שטעלען אין ריטערליכען געפענגניס.

לערזע.

דאס טויג ניט. ווי וועט עס אבער זיין, ווען זיי וועלען אונז ער־

לויבען אזוי אליין פריי ארויסצוגעהען? איהר ערוואַרטעט דאָך ניט פון זיקינגען קיין הילף. מיר וועלען פערגראָבען געלד און זילבער, וואו זיי זאָלען עס ניט קענען געפינען און זיי איבערלאָזען דעם שלאָס.

געטץ.

אבער זיי וועלען אונז ניט ארויסלאָזען.

לערזע.

מען דארף בלויז פרובירען.

---

# זאַאל

געטץ, עליזאַבעטה, געאָרג, קנעכט, ביים טיש.

געטץ.

אָט אזוי ברענגט אונז די געפאַהר צוזאַמען. לאָזט עס אייך שמעקען, מיינע פריינד! פערגעסט ניט אָן דעם טרינקען. די פלאַש איז לעדיג. נאָך איינע, ליעבע פרוי. (עליזאַבעטה ציהט אויף מיט די אַקסעל:) איז שוין מעהר ניטאָ?

עליזאַבעטה (לאַנגזאַם:)

נאָך איינע; איך האב זי אוועקגעשטעלט פאַר דיר.

געטץ.

ניין, ניין, מיין ליעבע! גיב זי ארויס. זיי דארפען האבען שטאַרקונג, ניט איך; עס איז דאָך מיין אינטערעסע.

עליזאַבעטה.

נעהמט זי ארויין פון שראַנק אין דרויסען.

געטץ.

עס איז די לעצטע, און מיר איז עס, גלייך ווי איך האב קיין אורזאכע צו שפּארען. איך האב שוין לאנג ניט געהאט אזא פערגניגען. (גיסט אָן:) עס לעבע דער קייזער!

אלע.

ער זאָל לעבען!

געטץ.

דאס זאָל זיין אונזער פּאָרלעצטעס וואָרט, איידער מיר שטארבען. איך ליעב איהם, ווייל מיר האבען דאסזעלבע שיקזאל. און איך בין נאָך גליקליכער ווי ער. ער מוז כאפּען פאר די רייכסשלענדע די מייז, דערווייל נאָגען אוים די ראטטען זיינע גיטער. איך ווייס, אז מאנכע מאָל וויל ער בעסער זיין טויט, ווי נאָך לענגער צו פערבלייבען די נשמה פון אזא פערקריפּעלטען קערפּער. (גיסט אָן:) פּונקט נאָך איין מאָל ארום. און ווען אונזער בלוט פאנגט אָן צו קאָכען — דאן, וואס זאָל זיין אונזער לעצטעס וואָרט?

געאָרג.

עס לעבע די פרייהייט!

געטץ.

עס לעבע די פרייהייט!

אלע.

עס לעבע די פרייהייט!

געטץ.

און ווען זי וועט אונז איבערלעבען, קענען מיר רוהיג שטארבען. ווייל מיר זעהען אין גייסט אונזערע אייניקלעך גליקליך און די קייזארים פון אונזערע אייניקלעך גליקליך. ווען די פירסטען און די דיענער וועלען דיענען דעם קייזער אזוי טריי ווי איהר מיר, דאן —

געאָרג.

דאן מוז עס פיעל אנדערש ווערען!

געטץ.

ניט אזוי פיעל ווי עס קען אויסזעהען. האב איך ניט געקענט אונטער די פירסטען אויסגעצייכענטע מענשען, איז שוין דען זייער מין אויסגעשטאָרבען? גוטע מענשען, וואס זיינען געווען גליקליך אין זיך און אין זייערע אונטערטהאנען; מענשען, וועלכע האבען געקענט ליידען אן עדעלען און פרייען שכן, און זיי האבען ניט מורא געהאט פאר איהם און איהם אויך ניט מקנא געווען; ביי וועלכע דאס הארץ איז אָנגעקוואָלען ווען זיי האבען געהאט זייער גלייכען ביי זיך צו טיש, און זיי האבען ניט בעדארפט פריהער מאכען פון די ריטער הויפשמייכלער אום צו קענען לעבען מיט זיי.

געאָרג.

האט איהר געקענט אזעלכע ריטער?

געטץ.

אודאי! ווי לאנג איך וועל לעבען וועל איך מיך ערֿאינערן ווי דער לאנדגראף פון האנאו האט געגעבען א יאגד, און די פירסטען און העררען, וואס זיינען דערביי געווען, האבען געגעסען אונטער'ן פרייען הימעל, און דאס לאנד־פאָלק איז ארומגעלאָפען זיי צו זעהען. עס איז ניט געווען קיין מאסקעראדע, וועלכע ער האט געמאכט פון זיין אייגענעם כבוד וועגען. די פולע, רונדע קעפ פון די בחורים און מיידלעך, די רויטע באקען פון אלע, און די בכבוד־אויסזעהענדע מע־נער און שעהנע זקנים, אלע מיט פרעהליכע פנים'ער, האבען גענומען אנטהייל אין דער העררליכקייט פון זייער העררשער, וועלכער האט זיך געפרייט צווישען זיי.

געאָרג.

דאס איז געווען א העער, פונקט אזוי פאָלקאָמען ווי איהר.

געטץ.

זאָלען מיר ניט האָפען, אז אזעלכע פירסטין וועלען מעהר ניט העררשען צוזאמען אויף איינמאָל? זאָלען מיר ניט האָפען, אז די פערעהרונג פון קייזער, פריעדען און פריינדשאפט פון די שכנים און די ליעבע פון די אונטערטהאנען איז דער טהייערסטער פאמיליען־

אוצר, וואס זאָל איבערגעהען בירושה צו אייניקלעך און אור־אייניק־לעך? יעדער וועט קריעגען דאס זייניגע און אין זיך אליין פער־מעהרען, אנשטאט יעצט ווען זיי גלויבען, אז זיי קענען אנדערש ניט געהמען עפּעס ביז זיי ווילען אן אנדערן קאַליע מאכען.

געאָרג.

וואָלטען מיר אין אזא צייט אויך בעדאַרפט אויסרייטען?

געטץ.

הלואי וואָלטען ניט געווען קיין אונרוהיגע קעפּ אין גאַנץ דייטש־לאנד, נאָר מיר וואָלטען נאָך אַלץ געהאַט געגוג צו טהון. מיר וואָלטען די בערג פון וועלף בעפרייט, מיר וואָלטען אונזער רוהיג־אַקערענדען שכן געבראַכט א בראַטען פון וואַלד, און דערפאר געגעסען מיט איהם די זופּ. ווען דיעזעס וואָלט אונז ניט גענוג געווען, וואָלטען מיר זיך מיט אונזערע ברידער, די כרובים, מיט'ן להט החרב המתהפכת, זיך געשטעלט פאר די גרענעצען פון לאַנד געגען די וועלף, די טערקען, געגען די פיקס, די פראַנצויזען, און אין דערזעלבער צייט בעשיטצען די וייטע לענדער פון אונזער טהייערן קייזער. אַך, געאָרג, דאס וואָלט געהייסען א לעבען! ווען מען שטעלט איין זיין לעבען פאר אַלגע־מיינעם גליק. (געאָרג שפּרינגט אויף.) וואוהין ווילסטו געהען?

געאָרג.

אַך, איך האב פערגעסען, אז מיר זיינען איינגעשפּאַרט, — און דער קייזער האט אונז איינגעשפּאַרט — און אום צו ראַטעווען אונ־זער אייגענעם לעבען, שטעלען מיר איין דאס לעבען.

געטץ.

פערליר ניט קיין מוטה.

לערזע (ערשיינט:)

פרייהייט! פרייהייט! דאס זיינען שלעכטע מענשען, איבער־לעגטע אייזלען! איהר זאָלט אוועקגעהען פון דאנען, מיט געוועהר, פערד און אויסשטאַטונג. פּראָוויאַנט זאָלט איהר איבערלאָזען.

געטץ.

פון דעם פּראָוויאַנט וועלען זיי, קייענדיג, ניט קריעגען קיין צייהן־וועהטאָג.

לערזע (שטיל:)

האט איהר שוין בעהאַלטען דאס זילבער?

געטץ.

ניין! פרוי, געה מיט פראנץ׳ן, ער האט דיר עפּעס צו זאָגען.

(אַלע אָב.)

---

# שלאָסהויף

געאָרג (אין שטאַל, זינגט:)

א איינגעל האט געכאַפּט א פויגעלע,
הם! הם!
האט עס געלייגט אריין אין שטייגעלע.
הם! הם!
אזוי! אזוי!
הם! הם!
געפרייט האט ער זיך אזוי לעפּיש,
הם! הם!
געליטען האט דאס דער טיפּוש!
אזוי! אזוי!
הם! הם!
און געפלויגען איז דאס פויגעלע אויף א הויז,
הם! הם!
און אויסגעלאַכט דעם נארישען איינגעל,
הם! הם!
אזוי! אזוי!
הם! הם!

געטץ.

וואס הערט זיך?

געאָרג (פיהרט זיין פערד ארויס:)

זיי זיינען שוין געזאָטעלט.

געטץ.

דו ביסט פינקטליך.

געאָרג.

ווי דער פויגעל פון דעם שטייגעל.

אלע בעלאַגערטע ערשיינען.

געטץ.

האט איהר אייערע ביקסען? ניין? געהט ארויף און נעהמט זיך די בעסטע פון געוועהר שראַנק. מיר וועלען רייטען פאָראויס.

געאָרג.

הם! הם!
אזוי! אזוי!
הם! הם!
(אָב.)

# זאַאל

צוויי קנעכט ביים געוועהר שראַנק.

ערשטער קנעכט.

איך נעהם די.

צווייטער קנעכט.

איך די. דאָ איז נאָך א שעהנערע.

ערשטער קנעכט.

ניין, מאך עס שנעלער.

צווייטער קנעכט.

הער!

ערשטער קנעכט, (לויפט צום פענסטער:)

העלף, הייליגער גאָט! זיי ערמאָרדען אונזער הערר! ער איז שוין ארונטער פון פערד! געאָרג פאַלט!

צווייטער קנעכט.

וואוהין רעטען מיר זיך? ביי דער מויער, דורך'ן נוסבוים אויפ'ן פעלד.

ערשטער קנעכט.

פראַנץ האַלט זיך נאָך, איך וועל איהם העלפען. ווען זיי שטאַרבען, דאַרף איך ניט לעבען.

(אָב.)



# פיערטער אקט

## ווירטהסהויז אין היילבראָנן.

געטץ.

איך קום מיר פאָר ווי דער בייזער גייסט אין א זאק, וועלכען דער קאפוצינער גלח האט געשאָלטען. איך ארבייט מיך אליין אָב און עס העלפט גאָר ניט. אך, דו פאלש־שווערער!

עליזאבעטה (קומט).

געטץ.

וואס איז פאר א נייעס, עליזאבעטה, וואס הערט זיך מיט מיינע ליעבע געטרייע?

עליזאבעטה.

גאָר ניט געוויסעס. איינינע האט מען דערשטאָכען, איינינע ליע־גען אין טהורן. קיינער האט ניט געקענט אדער ניט געוואָלט זיי מיר בעסער בעצייכענען.

געטץ.

איז דאס בעלוינונג פאר טרייהייט? פאר קינדליכער געהאָרכ־זאמקייט? — איז דאס פאר וועלכען מען האט פערשפּראָכען, אז איינעם זאָל וואויל געהען און זאָל האבען אריכת ימים?

עליזאבעטה.

ליעבער מאן, רעד ניט געגען אונזער הימלישען פאָטער. זיי האָ־בען שוין זייער לוין, ער איז מיט זיי געבוירען געוואָרען, דאס איז

געוועזן א פרייעס הארץ. זאָלען זיי זיין געפאנגען, זיי זיינען פריי! גיב אכטונג אויף די דעפּוטירטע יועצים; די גרויסע גאָלדענע קייטען שטעהען פאר זייערע אויגען —

געטץ.

עס פּאַסט זיי ווי דעם חזיר א האלז־באנד. איך וואָלט ווען זעהען געאָרג׳ן און פראנץ׳ן געשלאָסען.

עליזאַבעטה.

עס וואָלט געווען א סצענע, אויף וועלכער מלאכים וואָלטען גע־קענט וויינען.

געטץ.

איך וואָלט ניט געוויינט, איך וואָלט בלויז צוזאַמענגעביסען די צייהן און געקייעט אויף מיין גומען. מיינע אויגען — ערעל אין קייטען! איהר ליעבע יונגען, האט איהר מיך ניט געליעבט? — איך וואָלט ניט זאַט געוואָרען קוקענדיג אויף זיי! — אין נאָמען פון קייזער ניט צו האלטען דאס וואָרט!

עליזאַבעטה.

שלאָג דיר ארוים דיעזע געדאנקען. בערעכען, אז דו וועסט ער־שיינען פאר די יועצים. ביסט ניט געשטימט זיי גוט צו בעגעגענען, און איך האב מורא פאר אלעס.

געטץ.

וואס קענען זיי וועלען פון מיר?

עליזאַבעטה.

אָט איז א געריכטס שליח!

געטץ.

די אייזלען פון דער גערעכטיגקייט! זיי שלעפּען די זעק אין דער מיהל — וואס איז נייעס?

גערינטם־דיענער (ערשיינט:)

די הערדען קאָמיסארען זיינען פערזאמעלט אין ראטההויז און שיקען נאָך אייך.

געטץ.

איך קום.

געריכטס־דיענער.

איך וועל אייך בעגלייטען.

געטץ.

פיעל עהרע.

עליזאבעטה.

בערוהיג דיך.

געטץ.

זאָרג דיך ניט.

(אָב.)

# ראַטההויז

קייזערליכע יועצים, הויפטמאַן, ראַטהסהעררען פון הייִלבראָנן.

ראַטהסהערר.

מיר האבען אויף אייער בעפעהל פערזאמעלט די שטארקסטע און מוטהיגסטע בירגער; זיי ווארטען דאָ, ניט וויט, אויף א וואונק, אום צו כאפען בערליכינגען.

ערשטער יועץ.

מיר וועלען וויסען ווי צו ריהמען פאר זיין קייזערליכער מאיעס־

טעט אייער בעריטוויליגקייט זיין העכסטען בעפעהל צו פאָלגען. זייי־נען דאס בעלי מלאכות?

ראַטהסהעררר.

שמיעדען, וויינארבייטער, סטאָליארעס, מענער מיט געאיבטע קולאקעס און דאָ גאַנץ גוט אויסגעבעט. (ווייזט זיך אויף דער ברוסט.)

ראַטה.

גוט!

געריכטס־דיענער (קומט:)

געטץ פון בערליכינגען ווארט פאר דער טהיר.

ראַטה.

לאָזט איהם אריין.

געטץ (ערשיינט:)

גאָט זאָל אייך גריסען, הערען, וואס ווילט איהר פון מיר?

ראַטה.

צו ערשט, אז איהר זאָלט בערעכענען וואו איהר זייט און פאר ווען.

געטץ.

איך שווער אייך, אז איך האב אין אייך קיין טעות ניט.

ראַטה.

איהר טהוט אייער שולדיגקייט.

געטץ.

פון גאַנצען הארצען.

ראַטה.

זעטצט זיך.

געטץ.

אָט דאָ אונטען? איך קען שטעהען. דאס שטולכעל שמעקט אזוי נאָך אָרעמע זינדער, ווי איבערהויפט די גאַנצע שטוב.

ראַטה.

דאַן שטעהט!

געטץ.

אויב עס געפעלט איייך, לאָמיר געהען צו דער זאַך.

ראַטה.

אַלעס וועט געהען נאַך דער אָרדנונג.

געטץ.

איך בין זעהר צופריעדען, הלואי וואָלט עס פון אימער אַן געוועזן.

ראַטה.

איהר ווייסט, אז איהר זייט אין אונזערע הענד אויף גנאד און אונגנאד.

געטץ.

וואס וועט איהר מיר געבען, ווען איך וועל דאס פערגעסען?

ראַטה.

ווען איך וואָלט אייך געקענט געבען שכל, וואָלט איך אייערע אינטערעסען גוט געמאכט.

געטץ.

גוט געמאכט, ווען איהר זאָלט דאס קענען! אַך, דערצו בעדארף מען האבען עפּעס מעהר ווי קענען קאַליע מאכען.

שרייבער.

זאָל איך דאס אַלעס פּראָטאָקאָלירען?

ראַטה.

נאָר וואס עס געהערט צו דער האַנדלונג.

געטץ.

וואס עס איז מיר נוגע, קענט איהר עס לאָזען אפילו דרוקען.

ראַטה.

איהר זייט אין קייזער'ס הענד, וועמעס פּאַטערליכע גנאַד איז

אריינגעטרעטען אין דעם פּלאַטץ פון מאַיעסטעטישער גערעכטיגקייט, און, אייך, אנשטאט אריינצואווארפען אין א קערקער פון היילברונן, האט ער אייך אָנגעוויעזען איינע פון זיינע געליעבטע שטעדט, וואו־הין איהר זאָלט אוועק. איהר פערשפּרעכט מיט א שבועה ווי עס פּאַסט פאר א ריטער, איהר זאָלט זיך שטעלען און מיט עניוות ערוואַרטען דאס ווייטערע.

געטץ.

גוט, און איך בין דאָ און ווארט.

ראַטה.

מיר זיינען אויך דאָ אייך בעקאַנט צו מאַכען מיט זיינער מאַ־יעסטעט'ס גנאדע און ליעבע. דער קייזער פערצייהעט אייך די עברות, ער נעהמט אייך ארויס פון חרם און בעפרייעט אייך פון אלע גוט־פערדיענטע שטראָפען, וואס איהר דארפט אנערקענען מיט אונטער־טהעניגען דאנק, און דאן זאָלט איהר שווערען ביי דעם וואס ווערט אייך דאָ פאָרגעלעזען.

געטץ.

איך בין, ווי אימער, דער געטרייער קנעכט פון זיינער מאַיעס־טעט. נאָך איין וואָרט איידער איהר געהט ווייטער: וואו זיינען ערגיץ מיינע לייט? וואס זאָל ווערען מיט זיי?

ראַטה.

דאס געהט אייך ניט אָן.

געטץ.

ווענדעט דער קייזער אזוי אָב זיין פּנים פון אייך, ווען איהר זייט אין נויטה? זיי זיינען געווען מיינע חברים און זיי זיינען גע־בליעבען. וואס האט איהר מיט זיי געטהאָן?

ראַטה.

דערפון זיינען מיר אייך ניט שולדיג קיין חשבון.

געטץ.

אָך! איך האב גאָר ניט געדענקט, אז איהר זייט ניט פערבונדען צו דעם, וואס איהר האט פערשפּראָכען, שוין ניט רעדענדיג...

ראַטה.

אונזער אויפגאַבע איז אייך פּאַרצולעגען דעם בעפעהל. וואַרפט זיך אונטער צום קייזער און איהר וועט שוין געפינען א וועג, ווי אזוי אויסצובעטען דאס לעבען און די פרייהייט פון אייערע חברים.

געטץ.

אַהער מיט אייער צעטעל!

ראַטה.

שרייבער, לייענט פאָר!

שרייבער.

„איך, געטץ פון בערליכינגען, בין מודה עפענטליך דורך דיעזען בריעף, אז, אזוי ווי איך האב מיך, מיט א קורצער צייט צוריק, אויפ־געהויבען געגען דעם קייזער און דעם רייך אויף א רעבעלישען אופן—

געטץ.

דאס איז ניט אמת. איך בין קיין רעבעל, איך האב געגען זיין קייזערליכער מאַיעסטעט גאָר ניט פערבראָכען, און מיט'ן רייך האב איך ניט וואָס צו טהון.

ראַטה.

בערוהיגט אייך און הערט ווייטער.

געטץ.

איך וויל ווייטער גאָר ניט הערען. זאָל איינער אויפטרעטען און בעווייזען: האב איך געמאַכט אפילו איין שריט געגען דעם קייזער, געגען דאס הויז עסטערדייך? האב איך ניט פון תמיד אָן בעוויעזען, אז איך ווייס וואס דייטשלאַנד איז שולדיג זיין רעגענט? איבערהויפט וואס די קליינע, די ריטער, זיינען שולדיג דעם קייזער? איך וואָלט געוועזען א שורקע, ווען איך זאָל מיך לאָזען איבעררעדען, אז איך זאָל אונטערשרייבען אזא פאַפּיר.

ראַטה.

און דאָך האבען מיר בעפעהלע, אייך מיט גוטען צו איבעררעדען, אדער אריינוואַרפען אין טהורם.

געטץ.

אין טהורם? מיך?

ראַטה.

און דאָרט קענט איהר ערוואַרטען אייער שיקזאַל פון דער גע־רעכטיגקייט, ווען איהר ווילט עס ניט נעהמען פון די הענד פון דער גנאדע.

געטץ.

אין טהורם? איהר מיסברויכט די קייזערליכע מאַכט. אין טהורם? דאס איז ניט זיין בעפעהל. וואס־זשע, פריהער מיך מאַכען פאר א פעררעטהער, מיך מאַכען נאָך איך זאָל שווערען, מיר פער־אורזאַכען איך זאָל אריינפאַלען אין נעטץ, דאס ריטערליכע וואָרט טרעטען מיט די פיס, דאַן מיר צוזאָגען ריטערליך געפענגניס און דעם צוזאָג ווידער ברעכען!

ראַטה.

א רויבער זיינען מיר ניט שולדיג קיין טרייהייט.

געטץ.

ווען דו וואָלסט ניט געטראָגען דעם קייזער׳ס בילד, וואָלסטו געמוזט אדער אויפפרעסען דעם רויבער אדער זיך מיט איהם דער־ווערגען. איך בין בעשעפטיגט אין אן עהרליכען נקמה־קאַמפף. דו וואָלסט געמעגט גאָט דאַנקען און דיך גרויס מאַכען פאר דער וועלט, ווען דו וואָלסט אין דיין לעבען געטהאָן אזא זאַך, פאר וועלכע איך בין יעצט געפאַנגען.

ראַטה.

(ווינקט צו די ראַטהסהעררען, און ער ציהט א גלעקעל.)

געטץ.

ניט אום דעם קליינעם געווינס, ניט אום ביי לייטע אוועקצו־נעהמען, וואס זיי געהערט, בין איך ארויסגעצויגען. עס איז געווען אום מיין יונג צו בעפרייען און מיך אליין צו וועהרען! זעהט איהר עפּעס אונרעכט אין דעם? דער קייזער און דאס רייך האבען ניט געפיהלט אונזער נויטה אפילו אין זייער קאָפּ־קישען. איך האב, גאָט

זיי דאַנק, אויך איין האַנד, און איך האָב גוט געטהאָן זי צו גע־ברויכען.

בירגער

(טרעטען אויף, שטאַנגען אין דער האַנד, געוועהר ביי די זייטען.)

געטץ.

וואס בעדייטעט דאס?

ראַטה.

איהר ווילט ניט הערען. פאַנגט איהם!

געטץ.

האט איהר דאס געמיינט? ווער עס איז ניט קיין אונגרישער אָקס זאָל ניט קומען צו נאָהענט צו מיר, ווייל ער וועט בעקומען פון דיעזער רעכטער אייזערנער האַנד מיינער אזא מין פאַטש, וואס וועט איהם קורירען פון קאָפּ־וועהטאָג, צייהן־וועהטאָג און אלע וועהטאָגען.

(זיי ווילען צולויפען צו איהם, ער שליידערט איינעם
צו דער ערד, ביי א צווייטען רייסט ער אויס
דאס געוועהר פון דער זייט. זיי
ציהען זיך צוריק.)

ראַטה.

גיט אייך אונטער!

געטץ.

מיט דעם שווערט אין דער האַנד! ווייסט איהר, אז עס איז יעצט גאָר אָן מיר געווענדט, אז איך זאָל מיך דורכשלאָגען דורך דיעזע אלע האָזען־יעגער און אוועק אויפ'ן ווייטען פעלד? אבער איך וויל אייך לערנען ווי מען האַלט וואָרט. פערשפּרעכט מיר ריטערליכעם געפענגניס און איך גיב אייך צוריק מיין שווערט און בין אייער גע־פאַנגענער ווי פריהער.

ראַטה.

וואס־זשע, מיט דעם שווערט אין דער האַנד ווילט איהר זיך שטעלען בעדינגונגען דעם קייזער?

געטץ.

בעהיטע גאָט! בלויז מיט אייך און אייערע עדעלע קאָמפּאַניאָ־נען. מיינע גוטע לייט, איהר קענט געהען אהיים. פאר דעם פערזאַמען, קריעגט איהר גאָר ניט. און וואס עס איז נוגע נעהמען, קענט איהר העכסטענס קריעגען קלעפּ.

ראַטה.

כאַפּט איהם! גיט אייך די ליעבע צו אייער קייזער מעהר קיין מוטה ניט?

געטץ.

ניט מעהר ווי דער קייזער גיט זיי פּלאַסטער צו היילען די וואונ־דען, וואס זייער מוטה קען פאר זיי קריעגען.

געריכטס־דיענער (קומט אריין:)

דער שרייער האט נאָר וואס אויסגערופען, אז עס קומט א טרופּע פון איבער צוויי הונדערט אין שטאָדט אריין. אונערוואַרטעט זיינען זיי אריבערגעגאַנגען דעם וויינבארג און סטראשען אונזערע מויערן.

ראַטהסהערר.

ועה אונז! וואס בעדייטעט עס?

וואַך (קומט אריין:)

פראַנץ פון זיקינגען געפינט זיך ביים טויער און לאָזט אייך זאָגען: ער האט געהערט ווי אזוי מען האט געבראָכען דאס וואָרט געגען זיין שוואָגער, ווי די הערען פון הייליבראָנן האבען בעגאַנגען מיאוס'ע זאכען. ער פערלאַנגט דין וחשבון. ווען ניט, וועט ער, ביז אין א שטונדע, אָנצינדען די שטאָדט פון אלע פיער עקען, און דאן זי איבערגעבען צום רויב.

געטץ.

בראַווער שוואָגער!

ראַטה.

זאָגט, געטץ, וואס איז צו טהון?

ראטהסהערר.

האט רחמנות מיט אונז און מיט אונזער בירגערשאפט! זיקינגען איז שרעקליך אין זיין צארן, ער איז איינער פון יענע, וואס האלט וואס ער זאגט.

ראטה.

וואס איז צו טהון? ווי זאלען מיר די גערעכטיגקייט פאר'ן קייזער אויפהאלטען?

הויפטמאן.

ווען מיר וואלטען נאר געהאט גענוג לייט דאס צו טהון, אזוי אבער קענען מיר העכסטענס אומקומען — מיר געווינען אין נאכגעבען.

ראטהסהערר.

מיר וועלען בעטען געטץ'ן ער זאל זאגען פאר אונז א גוט ווארט. מיר קומט עס פאר, גלייך ווי איך זעה שוין די שטאדט אין פלאמען.

ראטה.

לאזט אריין געטץ'ן.

געטץ.

וואס איז נייעס?

ראטה.

דו וועסט גוט טהאן, ווען דו וועסט אבווערען דיין שוואגער פון דעם רעבעלישען אויפטריט. אנשטאט דיך צו ראטעווען פון פערדערבען, שטירצט ער דיך נאך טיעפער אריין.

געטץ.

(זעהענדיג עליזאבעטה'ן ביי דער טהיר, זאגט ער צו איהר אין דער שטיל:) געה אהין און זאג איהם: ער זאל אונבעדינגט איינברעכען, קומען אהער, נאר דער שטאדט זאל ער ניט טהון קיין שלעכטס. ווען די שורקען וועלען דא אויפטרעטען, זאל ער אנווענדען געוואלט. מיך ארט ניט ווען איך וועל אומקומען, אבי אלע זאלען מיט מיר דערשטאכען ווערען.

# א גרויסער זאאל אין ראטההויז

זיקינגען, געטץ.

דאס גאנצע ראטה־הויז איז בעזעטצט מיט זיקינגען׳ס רייטער.

געטץ.

דאס איז געווען א ישועה פון הימעל. ווי ביסטו עס געקומען אזוי אונערווארטעט און אונפערהאפט, שוואגער?

זיקינגען.

אהן כישוף. איך האב אויסגעשיקט א צוויי־דריי שלוחים, צו הערען ווי עס געהט מיט דיר. ווי איך האב ערפאהרען, אז זיי האבען געבראכען זייער ווארט, בין איך באלד אוועק אין וועג אריין. איצט האבען מיר זיי געפאקט.

געטץ.

איך האב גאר ניט פערלאנגט אויסער ריטערליכע געפאנגענ־שאפט.

זיקינגען.

דו ביסט צו עהרליך. דו האסט דיך ניט געוואלט בעדיענען אפילו מיט דעם רעכט, וואס דער עהרליכער מענש האט איבער דעם שבועה־ברעכער! זיי זיטצען אין אונרעכט, און מיר וועלען זיי קיין קישען ניט אונטערלעגען. זיי האבען שענדליך מיסברויכט די בעפעהלע פון קייזער. און לויט ווי איך קען זיין מאיעסטעט, דארפסטו זיכער אויף מעהר דרינגען. עס איז צו ווייניג.

געטץ.

איך בין פון תמיד אן צופריעדען געווען מיט ווייניג.

זיקינגען.

און דערפאר האט דיר פון תמיד אן געפעהלט. מיין מיינונג איז, אז זיי זאלען דיינע קנעכט בעפרייען פון געפענגנים און דיך, צוזאמען

מיט זיי, ערלויבען צוריק צו געהען אין דיין שלאָס. דו מעגסט פער־שפּרעכען ניט ארויסצוגעהען פון דיינע גרענעצען, און עס וועט דיר דאָרט אימער בעסער זיין ווי דאָ.

געטץ.

זיי ווע־לען זאָגען, אז מיינע גיטער בעלאַנגען צום קייזער.

זיקינגען.

וועלען מיר זאָגען, אז דו ווילסט אין זיי וואוינען ביז דער קייזער וועט זיי אָבנעהמען. זאָלען זיי זיך דרעהען ווי דער וואַל־פיש, זיי זאָלען זיך אבער פון אייז ניט ארויסדרעהען. זיי וועלען רעדען פון דער קייזערליכער מאַיעסטעט, פון זיין אויפטראַג, דאס בלייבט אונז גלייך. איך קען אויך דעם קייזער און האב ביי איהם עפּעס א ווערטה. ער האט תמיד געוואונשען דיך צו האבען צווישען זיינע ארמעען. וועסט ניט לאַנג בלייבען זיטצען אין דיין שלאָס און וועסט גערופען ווערען.

געטץ.

הלואי געשעהט דאס באַלד, איידער איך פערלערען צו פעכטען.

זיקינגען.

דער מוטה פערלערענט זיך ניט, פונקט ווי ער לערענט זיך ניט. זאָרג ניט. ווען דיינע זאכען זיינען אין אָרדנונג, געה איך אין הויף אריין, ווייל מיין אונטערנעהמונג פאַנגט אָן פערטיג צו ווערען. גינ־סטיגע אויסזיכטען ווייזען מיר: פאַנג אָן! איין זאך בלייבט מיר בלויז איבריג צו טהון, און דאס איז, דעם קייזער'ס מיינונג אָבצו־זונדערן. שפּיער און פפאַלץ רעכענען בעסער פריהער, אז דער הימעל זאָל איינפאַלען, איידער איך זאָל זיי קומען איבער'ן קאָפּ. און איך וועל קומען ווי א האָגעל־וועטער! און ווען מיר זאָלען קענען מאַכען אונזערע שיקזאַלען, דאן זאָלסטו באַלד זיין דער שוואָגער פון דעם קורפירסט! איך האָף אויף דיין פויסט ביי דיעזער אונטערנעהמונג.

געטץ (בעקוקט זיין האנד:)

אָה, דאס האט בעדייטעט דער חלום, וואס איך האב געהאט

אין דעם טאָג נאָך דעם ווי איך האב וויזלינגען פערשפּראָכען מאַריע'ס האַנד. ער האט מיר געטריי צוגעזאָגט און געהאַלטען מיין רעכטע האַנד אַזוי פעסט, אז זי איז ארויסגעשלעפּט געוואָרען פון אָרעם, ווי אָבגעבראָכען. אַך, אין דיעזען אויגענבליק בין איך וועהרלייזער ווי געוועזען, ווייל זי איז מיר אָבגעשאָסען געוואָרען! וויזלינגען! וויז־לינגען!

### זיקינגען.

פערגעס דעם פעררעטהער. מיר וועלען פערניכטען זיינע פּלענער, אונטערגראָבען זיין איינפלוס, דאַן זאָלען איהם געוויסען און שאַנדע אויפפרעסען ביז צו טויט. איך זעה אין גייסט מיינע שונאים און דיינע שונאים צושמעטערט. געטץ, בלויז נאָך איין האלב יאָהר!

### געטץ.

דיין נשמה פליהט הויך. איך וויים ניט, עפּעס זייט א שטיקעל צייט וויל זיך אין מיר קיין האָפנונג ווייזען. איך בין שוין געוועזען אין געפנוג אונגליקען, מעהר ווי איינמאָל געפאַנגען, נאָר ווי מיר איז יעצט, איז עס נאָך קיינמאָל ניט געוועזען.

### זיקינגען.

גליק מאַכט מוטה. קומט צו די פּערריקען! זיי האבען שוין לאַנג גענוג געהאַט דעם פּאָרטראַג, לאָמיר שוין איבערנעהמען די מיה.

(אָב.)

---

## אדעלהייד'ס שלאָס

### אדעלהייד, וויזלינגען.

### אדעלהייד.

דאס איז א פּערדרוס!

### ווייזלינגען.

איך האב די צייהן צוזאמענגעביסען. אזא שעהנער פלאן, אזוי גליקליך דורכגעפיהרט, און צום סוף איהם צוריק לאזען אין זיין שלאס! דער פערדאמטער זיקינגען!

### אדעלהייד.

זיי האבען עס ניט בעדארפט טהון.

### ווייזלינגען.

זיי האבען זיך געהאלטען פעסט. וואס האבען זיי אבער גע־קענט טהון? זיקינגען האט געסטראשעט מיט פייער און שווערט, אט דאס איז ער, דער שטאלצער און בייזער מענש! איך האס איהם! זיין איינפלוס וואקסט ווי א שטראם, וועלכער האט נאר אויפגעגעסען א פאר טייכען, און די איבריגע פליעסען שוין אליין אריין.

### אדעלהייד.

האבען זיי ניט געהאט קיין קייזער?

### ווייזלינגען.

ליעבע פרוי! ער איז בלויז דער שאטען דערפון, ער ווערט אלט און מרה־שחורה׳דיג. ווי ער האט געהערט וואס עס איז געשעהען, און אז איך מיט די אנדערע רעגימענטען זיינען בערייט צו געהען, האט ער געזאגט: „לאזט זיי צורוה! איך קען פערגינען דעם אלטען געטץ זיין שטיקעל פלאטץ, און ווען ער איז דארט שטיל, וואס נאך ווילט איהר?״ מיר האבען גערעדט פון דער טובה פאר׳ן שטאאט. „אך,״ האט ער געזאגט, „ווען איך וואלט פון תמיד אן געהאט יועצים וואס זאלען מיין אונרוהיגען גייסט אנווייזען אויפ׳ן גליק פון איינ־ציגע מענשען!״

### אדעלהייד.

ער פערלירט דעם גייסט פון א רעגענט.

### ווייזלינגען.

מיר האבען אנגעהויבען צו רעדען אויף זיקינגען. „ער איז מיין געטרייער דיענער,״ האט ער געזאגט. „אויב ער האט עס ניט גע־

טהאָן אויף מיין בעפעהל, דאַן האט ער געטהאָן בעסער מיין ווילען ווי מיינע בעפאָלמעכטיגטע, און איך בעשטעטיג עס פריהער אדער שפעטער.״

אדעלהייד.

עס קומט אוים זיך צו צורייסען.

וויזלינגען.

איך האב פון דעסטוועגען ניט אויפגעגעבען אלע האָפנונגען. אויף זיין ריטערליך וואָרט האט מען איהם צוריק געלאָזען אין זיין שלאָס, זיך דאָרט צו האלטען שטיל. דאס איז פאר איהם אבער אונמעגליך; מיר וועלען באלד האבען אן אורזאכע איהם ווידער צו פאַקען.

אדעלהייד.

און נאָך מעהר, ווייל מיר קענען האָפען, אז דער קייזער וועט באלד אוועקגעהען פון דער וועלט, און קארל, זיין אויסגעצייכענטער נאכפאָלגער, פערשפרעכט מאַיעסטעטישע מיינונגען צו האבען.

וויזלינגען.

קארל? ער איז נאָך ניט געוועהלט און ניט געקרעהנט.

אדעלהייד.

ווער ווינשט דאס ניט און ווער האָפט דאס ניט?

וויזלינגען.

דו האָסט א גרויסען בעגריף פון זיינע מעלות: מען קען עס באלד דענקען, אז דו זעהסט זיי מיט אנדערע אויגען.

אדעלהייד.

וויזלינגען, דו בעליידיגסט מיך. קענסטו מיך פאר אזעלכע?

וויזלינגען.

איך האב גאָר ניט געזאָגט דיך צו בעליידיגען. אבער שווייגען קען איך אויך ניט. קארל׳ס אונגעוועהנליכע אויפמערקזאמקייט פאר דיר בעאונרוהיגט מיך.

אדעלהייד.

אין מיין בענעהמונג?

וױיזלינגען.

דו ביסט א פראָװינצימער. איהר האָסט קיינעם, וואס האט איך ליעב.

אדעלהייד.

און איהר?

וױיזלינגען.

אדעלהייד, דער שרעקליכער געדאנק פרעסט אויף מיין הארץ!

אדעלהייד.

קען איך קורירען דיין נאַרישקייט?

וױיזלינגען.

ווען דו ווילסט. דו קענסט זיך דערוױיטערן פון הויף.

אדעלהייד.

גיב אַן עצה. ביסטו ניט אין הויף? זאָל איך דיך לאָזען מיט מיינע פריינד אום מיך צו אונטערהאַלטען אין מיין שלאָס מיט די סאָוועס? ניין, וױיזלינגען, דערפון וועט גאָר ניט ווערען. בערוהיג דיך, דו ווייסט ווי איך ליעב דיך.

וױיזלינגען.

עס איז דער הייליגער אַנקער אין דיעזען שטורם כל זמן דער שטריק צורייסט זיך ניט.

(אָב.)

אדעלהייד.

אזוי, הייבסט שוין אָן! נאָך דאס האט געפעהלט. די אונטער־נעהמונגען פון מיין הארצען זיינען צו גרויס, אז דו זאָלסט זיי שטעהען אין וועג. קאַרל, גרויסער און פרעכטיגער מאַן, און קייזער! זאָל ער זיין דער איינציגער אונטער די מענער וועמען מיין חן ציהט ניט אָן? וױיזלינגען, דענק ניט מיך צו שטערען; ווען ניט מוזטו אין דער ערד אריין. מיין וועג וועט געהען איבער דיר.

פראַנץ (קומט מיט א בריעף:)

דאַ, גנעדיגע פרוי.

אדעלהייד.

האט דאס דיר קאַרל איין געגעבען?

פראַנץ.

יא.

אדעלהייד.

וואס איז מיט דיר? זעהסט אויס אזוי פערזאָרגט.

פראַנץ.

עס איז אייער ווילען איך זאָל אזוי פערשמאַכט ווערען; אין די יאָהרען פון האָפנונג מאַכט איהר מיך פערצווייפלען.

אדעלהייד (אַפּאַרט:)

א רחמנות, — און ווי וועניג דאס קאָסט מיך איהם גליקליך צו מאַכען. (הויך:) פערליר ניט קיין מוטה, מיין גוטער יונג. איך פיהל דיין ליעבע און טרייהייט, און איך וועל עס קיינמאָל ניט פערגעסען.

פראַנץ (גערוהרט:)

ווען איהר זאָלט דאס פעהיג זיין, וואָלט איך געמוזט אויסגעהען. מיין גאָט, איך האב קיין בליטס-טראָפּען אין מיר וואס איז ניט אייער, קיין געדאַנק ווי אייך צו ליעבען און טהון וואס אייך געפעלט.

אדעלהייד.

ליעבער יונג!

פראַנץ.

איהר שמייכעלט מיך. (וויינענדיג:) ווען דיעזע איבערגעבענהייט פערדיענט ניט מעהר ווי צו זעהען אַנדערע פאָרגעצויגען, ווי צו זעהען אַלע אייערע געדאַנקען צו קאַרל'ן —

אדעלהייד.

דו ווייסט ניט וואס דו ווילסט, און נאָך וועניגער ווייסטו וואס דו רעדסט.

פראנץ.

(קלאפענדיג מיט'ן פוס פאר פערדרוס און צארן:) איך וויל אייך, ניט מעהר!

אדעלהייד.

פראנץ, דו פערגעסט דיך!

פראנץ.

מיך אויפאפפערן! מיין ליעבען הערר!

אדעלהייד.

אוועק פון מיינע אויגען!

פראנץ.

גנעדיגע פרוי!

אדעלהייד.

געה, ענטדעק דיין ליעבען הערר מיין געהיימנים. איך בין געוועזן אזוי נארריש דיך צו האלטען פאר עפעס וואס דו ביסט ניט.

פראנץ.

ליעבע, גנעדיגע פרוי, איהר ווייסט, אז איך ליעב אייך.

אדעלהייד.

און דו ביסט געוועזן מיין פריינד, אזוי נאהענט צו מיין הארצען. געה, פערראטה מיך.

פראנץ.

ניכער וועל איך מיר ארויסרייסען דאס הארץ פון מיין לייב! פערצייהעט מיר, גנעדיגע פרוי. מיין הארץ איז צו פול, אז מיינע חושים האלטען עס מעהר ניט אויס.

אדעלהייד.

ליעבער, ווארעמער יונג! (כאפט איהם אן ביי די הענד, ציהט איהם צו זיך, און זיי קושען זיך; ער פאלט איהר ווייגענדיג אויפ'ן האלז.)

אדעלהייד.

לאָז מיך אָב!

פראַנץ.

(שטיקענדיג מיט טרערען אויף איהר האַלז:) גאָט! גאָט!

אדעלהייד.

לאָז מיך אָב, די װענט זײנען פעררעטהער. לאָז מיך אָב! (בע־פרייעט זיך פון איהם.) צעגער ניט אין דײן ליעבע און טרייהייט, און דער שעהנסטער לוין זאָל דיר געגעבען װערען. (אָב.)

פראַנץ.

דער שעהנסטער לוין! נאָר ביז אַהין לאָמיך לעבען! איך װאָלט ערמאָרדעט מיין אייגענעם פאָטער, װען ער זאָל מיר װעלען צונעהמען דיעזען פלאַטץ.

---

# יארטהאוזען

געטץ ביי א טיש. עליזאַבעטה נעבען איהם בעשעפטיגט מיט ארבייט. אויפ'ן טיש שטעהט א ליכט מיט שרייבצייג.

געטץ.

דאס לעדיג געהען שמעקט מיר גאָר ניט, און מיין אנצווימונג װערט מיר ענגער פון טאָג צו טאָג; איך װינש מיר איך זאָל קענען שלאָפען, אדער מיר איינבילדען, אז די רוה איז עפעס אנגענעהמעס.

עליזאבעטה.

דאַן שרייב אָן דיין געשיכטע, װאס דו האָסט אָנגעפאַנגען. גיב דיינע פריינד א בעוױיז, אין די הענד צו בעריהמען דיינע שונאים; פערשאַף דעם נאָבעלען צוקינפטיגען דור די פרייד אין דיר ניט צו האבען קיין טעות.

געטץ.

אך! שרייבען איז טהעטיגע לעדיג־געהעריי, מיר קומט עס פאַר זויער. בשעת איך שרייב, וואס איך האב געטהאָן, ערגער איך מיך איבער דעם פערלוסט פון דער צייט, אין וועלכער איך וואָלט קענען עפּעס טהון.

עליזאַבעטה (נעהמט דאס פּאַפּיר:)

זיי ניט אזוי פערצווייפעלט. דו ביסט גראדע ביי דיין ערשטער געפאנגענשאַפט אין היילבראָנן.

געטץ.

דאס איז מיר פון תמיד אָן געווען אן אונגליקליכער אָרט.

עליזאַבעטה (לעזט:)

„דאָרט זיינען אויך געווען עטליכע פון דעם בונד, וואס האבען מיר געזאָגט, אז איך האב נארריש געהאנדעלט, מיך צו שטעלען פאר מיינע ערגסטע פיינד, ווייל איך האב געמעגט רעכענען, אז זיי וועלען מיט מיר ניט אומגעהען זעהר צערטליך. דאן האב איך געענטפערט:"
—נו, וואס ענטפערסטו? שרייב ווייטער.

געטץ.

איך האב געענטפערט: „איך האב זעהר אָפּט איינגעשטעלט מיין לעבען פאר פרעמדעס גוט און געלד, זאָל איך עס ניט איינשטעלען פאר מיין וואָרט?"

עליזאַבעטה.

אזא שם האָסטו.

געטץ.

דאס זאָלען זיי ביי מיר ניט אוועקנעהמען! זיי האבען ביי מיר אוועקגענומען מוטה, פרייהייט —

עליזאַבעטה.

עס איז אויסגעקומען גראדע דאמאָלס, ווען איך בין אָנגעקומען פון מילטענבערג און זינקלינגען אין ווירטהסהויז. איך האב דאָרט קיינעם ניט געקענט. איך האב געהאט אזא פרייד, גלייך ווי איך

וואָלט געבוירען א זוהן. צווישען זיך האבען זיי דיך געריהמט און געזאָגט: „ער איז דאס מוסטער פון א ריטער. מוטהיג און עדעל אין זיין פרייהייט, און געלאַסען און טריי אין זיין אונגליק.”

געטץ.

זאָלען זיי מיר אָנווייזען אויף איינעם פאר וועמען איך האב געבראָכען מיין וואָרט! גאָט ווייס דעם אמת, אז איך האב מעהר געשוויצט צו דיענען מיין נעכסטען ווי מיך, אז איך האב געארבייט פאר'ן נאָמען פון א מוטהיגען און געטרייען ריטער, ניט אום צו געווינען רייכטהימער און ראנג. און, גאָט זיי דאנק, צו דעם וואס איך האב געשטרעבט, האב איך דערגרייכט.

לערזע, געאָרג מיט ווילדפרעט.

געטץ.

איך ווינש אייך גליק, מיינע בראווע יעגער!

געאָרג.

דאס זיינען מיר געוואָרען פון בראווע רייטער. פון שטיוועל מאכען זיך לייכט פאַנטאָפעל.

לערזע.

די יאגד איז תמיד עפּעס, א מין קריעג.

געאָרג.

ווען מען זאָל דאָ כאָטש ניט דארפען אימער צו טהון האבען מיט רייכס־קנעכט. ווייסט איהר, גנעדיגער הערר, ווי איהר האט אונז פּראָפעצייהעט, ווען די וועלט וועט זיך איבערקעהרען, וועלען מיר זיין יעגער. נו, יעגער זיינען מיר שוין געוואָרען.

געטץ.

עס איז אלץ דאס זעלבע, מיר זיינען שוין סיי־ווי־סיי ארויסגערוקט געוואָרען פון אונזער קרייז.

געאָרג.

עס זיינען קריטישע צייטען. שוין זייט אכט טעג בעווייזט זיך א שרעקליכער קאָמעט, און גאַנץ דייטשלאַנד ציטערט, עס בעדייטעט דעם קייזער'ס טויט, וועלכער איז יעצט זעהר קראַנק.

געטץ.

זעהר קראַנק! אונזער וועג ענדיגט זיך!

לערזע.

און דאָ, אין דער נאַכבארשאַפט, קומען פאָר שרעקליכע פערענ־דערונגען. די בויערן האבען ארויסגערופען א גרויסען אויפשטאַנד.

געטץ.

וואו?

לערזע.

אין די הערצער פון די שוואַבען. זיי צושטערען, ברענען און מאָרדען. איך האב מורא, אז זיי וועלען פערניכטען דאס גאַנצע לאַנד.

געאָרג.

עס איז א פירכטערליכע מלחמה. אין הונדערטער ערטער איז מען שוין אויפגעשטאַנען, און וואס עס געהט אוועק א טאָג, אלץ מעהר וואַקסט עס. דער שטורמווינט פון ניט לאַנג האט אויסגעריסען גאַנצע וועלדער, און באלד נאָך דעם, האט מען אין דער געגענד, וואו דער אויפשטאַנד האט אָנגעפאַנגען, געזעהען צוויי געקרייצטע שווערטען אין דער לופט.

געטץ.

דאָרט ליידען געוויס מיט מיינע גוטע הערען און פריינד אונ־שולדיג.

געאָרג.

שאַדע, וואס מיר טאָרען ניט אויסרייטען.



# פינפטער אקט

## בויערן־קריעג

טומעל אין א דאָרף און פלינדערונג.

ווייבער מיט אַלטע מיט קינדער און געפעק.

מען אנטלויפט.

אַלטער.

אוועק! אוועק! לאָמיר פטור ווערען פון די מאָרד־הינט!

פרוי.

הייליגער גאָט! ווי בלוט־רויט דער הימעל איז, ווי בלוט־רויט די אונטערגעהענדע זונן איז!

מוטער.

דאס בעדייטעט פייער!

פרוי.

מיין מאַן! מיין מאַן!

אַלטער.

אוועק! אוועק! אין וואלד אריין! (געהען פארביי.)

לינק.

ווער עס שטעלט זיך ענטקעגען, זאָל דערשטאָכען ווערען! דאס דאָרף איז אונזערעס. זעהט נאָר עס זאָל גאָר ניט צוריקבלייבען. פלינדערט ריין און שנעל. מיר צינדען באַלד אָן.

מעטצלער.

(ארונטערלויפענדיג פון בארג:) ווי געהט עס אייך, לינק?

לינק.

ארויף און אראָב. זעהסטו, קומסט פונקט צו אויסקעהרען. פון וואנען?

מעטצלער.

פון וויינסבערג. דאָרט איז עס געווען א סעודה.

לינק.

וואס הייסט?

מעטצלער.

מיר האבען זיי אויסגעשטאָכען, אז עס איז געווען א פער־גניעגען.

לינק.

אלעמען?

מעטצלער.

דיעטריך פון וויילער האט געטאנצט פאַראויס. דער לומפ! מיר זיינען געווען אלע אויפגערעגט, און ער, פון אויבען אויפ׳ן קירכענ־טהורם, האט ער געוואָלט מיט אונז מיט גוטען אונטערהאנדלען. פּאַף! איינער האט איהם אריינגעשאָסען אין קאָפּ. מיר זיינען ארויף אויפ׳ן טהורם און איהם ארויסגעוואָרפען פון פענסטער.

לינק.

אך!

מעטצלער.

(צו די בויערן:) הינד, זאָל איך אייך אביין ווארפען? זעה נאָר ווי די עזלען ציטערען און צעגערען.

לינק.

צינדט אָן! זאָלען זיי זיך אין דעם בראָטען! אוועק! טהוט עפּעס, חברה!

מעטצלער.

דערנאָך האבען מיר ארויסגעפיהרט העלפענשטיינען, עלטערס־האפען, א דרייצעהן פון דעם אדעל, צוזאמען אן אכציג שטיק. מען האט זיי ארויסגעפיהרט אויפ'ן פלאכען פעלד פון היילבראָנן. האָסט געזאָלט הערען א יובילירען און א רעש פון די אונזעריגע, ווען די לאנגע רייהע רייכע זינדער איז פארבייגעגאנגען, ווי זיי האבען מיך אָנגעקוקט! נאָך איידער זיי האבען עס געוואוסט, האט מען זיי שוין ארומגערינגעלט און מיט שפיזען דורכגעשטאָכען.

לינק.

אז איך בין דערביי ניט געוועזן!

מעטצלער.

איך האב נאָך אזא טאָג ניט געהאט.

לינק.

נו שוין, ארויס!

בויער.

אלעס איז לעער.

לינק.

דאַן ברענט אין אלע עקען.

מעטצלער.

עס וועט זיין א גאנץ שעהן פייערל. זעהסטו, די חברה זיינען געשפרונגען איינער איבער'ן אנדערן און געקוואקעט ווי די זשאבעס. עס איז מיר געלאָפען אזוי ווארעם איבער'ן הארץ ווי א גלאָז בראנפען. עס איז דאָרט געוועזן א ניקסינגער; אָט דיעזער קערל, ווען ער איז געריטען אויף דער יאגד מיט'ן פעדערבוט און ברייטע נאָזלעכער, פלעגט ער אונז פאר זיך טרייבען ווי די הינט! א צייט לאנג האב איך איהם שוין ניט געזעהען, אבער איך האב איהם באלד דערקענט. האַש! מיין שפיז איז איהם אריין צווישען די ריפען, ער איז געפאַלען מיט־אלע־פיער איבער זיינע חברים. פונקט ווי די האָזען ביי א טרייב־יאגד, אזוי האבען די חברה זיך געצאפעלט איינער איבער אנאנדער.

לינק.

עס רויבערט שוין ניט שלעכט.

מעטצלער.

דארט הינטען ברענט עס. לאמיר מיט דעם רויך גאנץ רוהיג געהען צום גרויסען הויפען.

לינק.

וואו געפינט ער זיך?

מעטצלער.

אהער־צו פון היילבראנן. זיי פעהלט א הויפטמאן, פאר וועמען דאס גאנצע פאלק וואלט געהאט רעספעקט; ווייל מיר זיינען דאך בלויז נאר זייער גלייכען, דאס פיהלען זיי און זיי ווערען אביסעל אונצופריעדען.

לינק.

וועמען מיינען זיי? וועמען ווילען זיי?

מעטצלער.

מאקס שטומפף, אדער געטץ פון בערליכינגען.

לינק.

דאס וואלט גוט געווען. עס וואלט אויך געהאט מעהר פנים. ווען געטץ זאל וועלען, וואלט עס געווען זעהר גוט. ער האט אימער געגאלטען פאר א רעכטשאפענדעם ריטער. אויף! אויף! מיר געהען קיין היילבראנן־צו. רופט עס אוים!

מעטצלער.

דאס פייער וועט אונז לייכטען נאך א גוטע שטרעקע. האסטו שוין געזעהען דעם גרויסען קאמעט?

לינק.

יא, דאס איז א גרויזאמער און שרעקליכער צייכען! ווען זיי וואנדערען ביי נאכט, קענען מיר איהם ניט זעהען. ארום איינס א זייגער געהט ער אויף.

מעטצלער.

אין פערבלייבט ביז פינף־פערטעל שטונדען. ער זעהט אויס ווי א געבויגענער אָרעם מיט א שווערט און בלוט־געל־רויט.

לינק.

האָסטו געזעהען די דריי שטערען אויף דעם שפּיטץ פון שווערט?

מעטצלער.

און אין מיטען פון דעם ברייטען וואָלקענפּארביגען שטרייף מיט טויזענדער און טויזענדער שפּיטצען ווי שפּיעזען און צוויי פון זיי ווי קליינע שווערטען.

לינק.

מיך האָט עס געשוידערט. ווי דאס אלעס איז געוועזען בלייך־רויט, און אין דעם פיעלע פייערדיגע העללע פלאַמען, און צווישען דעם אלעמען גרויזאַמע געזיכטער מיט פערדרייטע קעפּ און בערד.

מעטצלער.

האָסטו זיי אויך געזעהען? און אלעס מיט אנאנדער רוישט, גראַדע ווי עס וואָלט געלעגען אין א בלוטיגען ים, און עס האָט זיך אזוי געוואָרפען, אז מען האָט געקענט משוגע ווערען.

לינק.

אויף! אויף!

(אָב.)

---

# פעלד

מען זעהט פון דערווייטען צוויי דערפער און א קלויסטער ברענען.

קאָהל, ווילד, מאַקס שטומפּף, לאָופען.

### מאקס שטומפף.

איהר קענט ניט פערלאַנגען, אז איך זאָל ווערען אייער הויפּט־מאַן. ניט פאַר מיר און ניט פאַר אייך וואָלט עס גענוטצט. איך בין א דיענער פון פפאַלץ־גראַף; ווי זאָל איך מיך אויפהייבען געגען מיין הערר? איהר וועט אימער שרייען, אז איך טהו עס ניט פון הארצען.

### קאָהל.

מיר האבען געוואוסט, אז דו וועסט געפינען אן ענטשולדיגונג.

### געטץ, לערזע, געאָרג ערשיינען.

### געטץ.

וואס ווילט איהר פון מיר?

### קאָהל.

איהר זאָלט ווערען אונזער הויפּטמאַן.

### געטץ.

זאָל איך ברעכען מיין ריטערליך וואָרט צום קייזער?

### קאָהל.

דאס איז קיינע ענטשולדיגונג.

### געטץ.

און ווען איך זאָל אפילו פריי זיין, מיינט איהר, אז איך וועל אייך העלפען ווי ביי וויינסבערג געגען דעם אדעל און די הערערן, אדער אייך לאָזען ברענען און בליטען דאס לאַנד ווי יעצט איז דער פאַל? — בעסער זאָלט איהר מיך טויט שלאָגען ווי א משוגענעם הונד איידער איך זאָל ווערען אייער הויפּטמאַן.

### קאָהל.

ווען דאס וואָלט ניט געשעהען, וואָלט פיעללייכט גאָר ניט גע־שעהען.

שטומפף.

דאס איז טאַקי געווען דאס אונגליק, וואס זיי האבען ניט געהאט קיין פיהרער, וועלכער וואָלט געזוכט אָבצוהאַלטען זייער צאָרן. געטץ, איך בעט דיך, נעהם אָן די הויפטמאַנשאַפט. די פירסטען און גאַנץ דייטשלאַנד וועלען דיר דאַנקען. עס וועט זיין צום בעסטען פאַר אַלעמען. מענשען און לענדער וועלען געשוינט ווערען.

געטץ.

פאַר וואס נעהמסטו עס ניט אָן ?

שטומפף.

איך האב מיך פון זיי אָבגעזאָגט.

קאָהל.

מיר האבען ניט קיין צייט אויף לאַנגע ויכוחים. קורץ און גוט. געטץ, זיי אונזער הויפטמאַן, אדער גיב אַכטונג אויף דיין שלאָס און אויף דיין אייגענער הויט. מיר גיבען דיר בלויז צוויי שטונדען בעדענק־צייט. בעוואַכט איהם!

געטץ.

וואס דאַרפט איהר דאס ? איך בין אזוי גוט ווי ענטשלאָסען — רעכענט דאַרויף. צו וואס האט איהר געמאַכט דעם אויפשטאַנד ? אום איהר זאָלט ווידער געווינען אייערע רעכטע און פרייהייט ? וואס׳זשע וויטהעט איהר און פערדאַרבט דאס לאַנד ? אויב איהר ווילט אבער אָבשטעהען פון אַלע שלעכטע מעשים און האַנדלען ווי בראַווע מענשען, וועלכע ווייסען וואס זיי ווילען, דאַן וועל איך אייך העלפען צו אייערע פאָדערונגען, און אויף אַכט טעג זיין אייער הויפטמאַן.

ווילד.

וואס עס איז געשעהען, איז געשעהען אין דער ערשטער היטץ, און דאס דאַרף דיך און אונז ניט שטערען אין דער צוקונפט.

קאָהל.

דו מוזט אונז צוזאָגען כאָטש אויף א פערטעל יאָהר.

שטומפף.

מאכט עס פיער וואכען; דאן וועט איהר ביידע קענען זיין צו־פריעדען.

געטץ.

זאָל זיין אזוי.

קאָהל.

אייער האנד!

געטץ.

און ערלויבט מיר, דיעזען פערטראג וואס איהר האט מיט מיר געמאכט, איהם אויסצושיקען שריפטליך אין אלע הויפען. אויך זאָל דער יעניגער שטארק בעשטראָפט ווערען, וואס וועט ניט האלטען.

ווילד.

יא, עס זאָל געשעהען!

געטץ.

דאן פערבינד איך מיך צו אייך אויף פיער וואָכען.

שטומפף.

מיט גליק! וואס דו וועסט טהון, בעט איך דיך, זאָלסטו שוינען אונזער הערר דעם פפאלץ־גראף.

קאָהל (שטיל:)

בעוואכט איהם, אז קיינער זאָל מיט איהם ניט רעדען אויסער אייער געגענוואָרט.

געטץ.

לערזע! קעהר צוריק צו מיין פרוי. שטעה איהר ביי. זי זאָל אויך באלד ערהאלטען א נאכריכט פון מיר.

(געטץ, שטומפף, געאָרג, לערזע, איינינגע בויערן, אָב.)

מעטצלער, לינק, ערשיינען.

מעטצלער.

וואס הערען מיר עפּעס פון א פערטראג? וואס טויג עס?

לינק.

עס איז א שאנדע איינצוגעהען אויף אזא פערטראג!

קאָהל.

מיר ווייסען פונקט אזוי גוט וואס מיר ווילען ווי איהר, און מיר האבען דאס רעכט צו האנדלען.

ווילד.

דאס שטורמען, ברענען און מאָרדען מוז דאָך סיי־ווי־סיי אויפ־הערען, היינט אדער מאָרגען; דאַן האָבען מיר נאָך געפונען א בראווען הויפטמאַן דערצו.

מעטצלער.

וואס אויפהערען? דו פעררעטהער! צו וואס זיינען מיר דאָ? כדי מיר זאָלען זיך נוקם זיין אין אונזערע שונאים, און זיך אליין העלפען. דאס האט אייך געראטהען א פירסטען קנעכט.

קאָהל.

קום, ווילד, ער איז ווי א בהמה. (אָב.)

מעטצלער.

געהט נאָר! צו אייך וועט קיינער ניט צושטעהען. די שורקען! לינק, לאָמיר אויפהעטצען די אנדערע, מילטענבערג אָנצינדען, און ווען מען מאַכט מסחרים וועגען א פערטראַג, וועלען מיר די סוחרים אָבהאַקען די קעפּ.

לינק.

דער גרויסער הויפען איז אויף אונזער זייט!



# בערג און טהאל

## א מיהל אין טהאל.

א טרופ רייטער, ווייזלינגען קומט אוים דער מיהל מיט

פראנץ'ן און א שליח.

ווייזלינגען.

מיין פערד! — האט איהר עס אנגעזאגט אויך די אנדערע הערען?

שליח.

וועניגסטענס זיעבען פאהנען וועלען זיך מיט אייך צוזאמענ־טרעפען, אין וואלד נעבען מילטענבערג. די בויערן געהען אונטען ארום. איבעראל זיינען אויסגעשיקט שליחים, דער גאנצער בונד וועט באלד זיין צוזאמען. עס קען ניט פעהלען. מען זאגט, אז צווי־שען זיי האט אויסגעבראכען א מחלוקה.

ווייזלינגען.

אלץ בעסער! — פראנץ!

פראנץ.

גנעדיגער הערר!

ווייזלינגען.

דו זאלסט עס פינקטליך אויסריכטען. איך בעשווער דיך ביי דיין נשמה. גיב איהר דעם בריעף. זי זאל אוועק פון הויף אין מיין שלאס. באלד! דו זאלסט זי זעהען אברייזען און דאן מיר מעלדען.

פראנץ.

עס זאל געשעהען ווי איהר בעפעהלט.

וויזלינגען.

זאָג איהר זי ז אָ ל װעלען! (צום שליח:) פיהרט אונז יעצט אויפ'ן נעכסטען און בעסטען וועג.

שליח.

מיר מוזען געהען ארום. פון דעם שרעקליכען רעגען, זיינען די וואַסערן איבעראל ארוים פון די ברעגעס.

# יארטהאוזען

עליזאַבעטה, לערזע.

לערזע.

טרייסטעט אייך, גנעדיגע פרוי.

עליזאַבעטה.

אַך, לערזע, די טרערען זיינען איהם געשטאַנען אין די אויגען, ווען ער האט גענומען פון מיר אבשיעד. עס איז גרויזאַם! גרויזאַם!

לערזע.

ער וועט צוריק קומען.

עליזאַבעטה.

עס איז ניט דאס. ווען ער איז אוועק צו געווינען א ריהמענס־ווערטהען זיעג, האט מיר דאס הארץ ניט וועה געטהאָן. איך פלעג מיך פרייען אויף זיין צוריקקעהרען, וועהרענד יעצט טהוט מיר באַנג!

לערזע.

אַזאַ עדעלער מאַן —

עליזאַבעטה.

רוף איהם ניט אזוי, דאס מאכט נאָך מעהר וועהטאָג. די שלעכ־טע מענשען! זיי האבען געסטראשעט איהם צו ערמאָרדען און אָנ־צינדען זיין שלאָס! — ווען ער וועט ווידער צוריק קומען, דאן — זיינע שונאים וועלען אויסטראכטען פערשיעדענע ליגענס און ער וועט ניט קענען זאָגען: „ניין."

לערזע.

ער וועט און קענען.

עליזאַבעטה.

ער האט געבראָכען זיין וואָרט. זאָג ניין!

לערזע.

ער איז געוועזען געצוואונגען. וואו איז דער גרונד איהם צו פער־דאמען?

עליזאַבעטה.

די שלעכטקייט זוכט קיין גרונד, נאָר אורזאכען. ער האט זיך פעראייניגט מיט רעבעלען, פערדאָרבענע מענשען און מערדער און איז ארוים אָן זייער שפּיטצע. זאָג ניין!

לערזע.

הערט אויף אייך צו קוועהלען און מיך. האבען זיי איהם ניט הייליג פערשפּראָכען ניט מעהר צו אונטערנעהמען קיינע רויבערייען און מערדערייען ווי ביי ווייגסבערג? האב איך זיי ניט אליין געהערט זאָגען מיט האלבער חרטה: „ווען דאס וואָלט ניט געשעהען, וואָלט עם פיעללייכט קיינמאָל ניט געשעהען." וועלען ניט פירסטען און הערען איהם מוזען דאנקען, ווען ער איז געוואָרען פרייווילליג דער פיהרער פון א צולאָזענעם פאָלק, אום צו מאכען א סוף פון זייער ווילדקייט?

עליזאַבעטה.

דו ביסט א גוטער אדוואָקאט. — ווען זיי וועלען איהם נעהמען געפאנגען, וועלען זיי איהם בעהאנדלען אלס רעבעל, און זיין גרויען קאָפּ — לערזע, איך קום פון זינען!

לערזע.

ליעבער פאַטער פון די מענשען, שיק פאר איהר קערפער שלאָף אויב דו קענסט ניט געבען איהר נשמה קיין טרייסט.

עליזאַבעטה.

געאָרג האט פערשפּראָכען צו ברענגען נאַכריכט. ער וועט עס אויך ניט קענען, אפילו ער זאָל וועלען. זיי זיינען ערגער ווי געפאַנגען. איך וויים, מען בעוואכט זיי ווי שונאים. דער גוטער געאָרג! ער האט ניט געוואָלט אַבטרעטען פון זיין העררן!

לערזע.

דאס הארץ האט מיר געבלוטעט ווי ער האט מיך פון זיך אוועק־געשיקט. ווען איהר וואָלט ניט בעדארפט מיין הילף, דאַן וואָלטען אַלע געפאהרען פון דעם שרעקליכסטען טויט מיך ניט אַבגעשראָקען צו בלייבען נעבען איהם.

עליזאַבעטה.

איך וויים ניט וואו זיקינגען געפינט זיך. ווען איך וואָלט נאָר געקענט שיקען א שליח צו מאריע'ן.

לערזע.

שרייבט נאָר אויף, איך וועל עס שוין בעזאָרגען.

(אַב.)

---

## ביי א דאָרף

געטץ, געאָרג.

געטץ.

געשווינד אויף'ן פערד, געאָרג! איך זעה מילטענבערג ברענען.

האלטען זיי אזוי דעם פערטראג? רייט אהין און זאג זיי מיין מיינונג. די מארדברענער! איך וועל מיך פון זיי אבזאגען. זאלען זיי מאכען א ציגיינער פאר הויפטמאן, ניט מיך. געשווינד, געארג! (געארג אב.) איך ווינש מיר, הלואי וואלט איך געוועזען טויזענד מיילען פון דאנען און געלעגען אין דער טיעפסטער טורמע פון טירקיי. אך, ווען איך זאל קענען מיט עהרע מיך בעפרייען פון זיי! איך בעליידיג זיי אלע טאג, איך גיב זיי די ביטערסטע וואהרהייטען, אבי זיי זאלען מיעד ווערען פון מיר און מיך אבלאזען.

## אן אונבעקאנטער.

זייט מיר געגריסט, עדעלער הערר.

## געטץ.

דאנק אייך. וואס ברענגט איהר מיר פאר א נאכריכט? ווי הייסט איהר?

## אונבעקאנטער.

דאס מאכט קיין אונטערשיעד. איך קום אייך זאגען, אז אייער קאפ איז אין געפאהר. די אנפיהרער זיינען שוין מיעד הערענדיג פון אייך אזעלכע הארטע ווערטער און האבען בעשלאסען אייך אבצור־ראמען פון וועג. בעהערשט אייך, אדער זעהט צו ענטלויפען און גאט זאל אייך בעשיטצען. (אב.)

## געטץ.

געטץ, אויף אזא ארט צו פערלירען דיין לעבען און האבען אזא סוף! פערפאלען! דאן וועט מיין טויט זיין פאר דער וועלט דער זי־כערסטער סימן, אז איך האב מיט די געמיינהייטען ניט געהאט צו טהון.

# איינינע בויערן.

## ערשטער בויער.

הערר! הערר! זיי זיינען געשלאגען! זיי זיינען געפאנגען!

## געטץ.

ווער?

צווייטער בויער.

יענע, וועלכע האבען פערברענט מילטענבערג. א טרופ סאָלדאַ־טען איז אָנגעקומען פון הינטען דעם בארג און איז זיי אויף איינמאָל איבערגעפאַלען.

געטץ.

זיי ערוואַרטעט יעצט זייער לוין. — אך גענאָרג! גענאָרג! — זיי האבען איהם געווים געפאַנגען צוזאַמען מיט די לומפּען. מיין גענאָרג! מיין גענאָרג!

אָנפיהרער קומען.

אויף, הערר הויפטמאַן, ערוואַכט! מען קען ניט פערלירען קיין צייט. דער פיינד איז נאָהענט און מעכטיג!

געטץ.

ווער האט פערברענט מילטענבערג?

מעטצלער.

ווען איהר וועט מאַכען טענות, וועט מען אייך ווייזען ווי מען מאַכט ניט קיין טענות.

קאָהל.

זאָרגט בעסער פאַר אייער לעבען און אונזערעס. אויף! ערוואַכט!

געטץ (צו מעטצלער:)

האָסטו מיך געסטראַשעט? דו ניכטסווירדיגער! גלויבסטו, אז דו ביסט מיר דערפאַר פירכטערליך, ווייל דאס בלוט פון דעם גראַף פון העלפענשטיין איז נאָך אויף דיינע קליידער?

מעטצלער.

בערליכינגען!

געטץ.

מעגסט אָנרופען מיין נאָמען, און מיינע קינדער וועלען זיך דערמיט ניט שעהמען.

מעטצלער.

מיט דיר, טרוס! פירסטענדיענער!

געטץ.

(גיט איהם א קלאפּ איבער'ן קאָפּ, אז ער פאַלט. די אנדערע טרעטען צוריק.)

קאָהל.

איהר זייט ווילד געוואָרען. דער פיינד ברעכט איין פון אַלע זייטען און איהר צעגערט.

לינק.

אויף! ארויס!

(טומעל און שלאַכט.)

וויזלינגען, רייטער.

וויזלינגען.

לויפט זיי נאָך! לויפט זיי נאָך! זיי ענטלויפען. זאָל אייך דער רעגען און די נאַכט ניט אָבהאַלטען. איך הער, אז געטץ איז צווישען זיי. ווענדעט אָן אַלעם מעגליכע איהם צו כאַפּען. אונזערע זאָגען, אז ער איז שווער פערוואונדעט. (די רייטער אָב.) און ווען איך וועל איהם האבען! — עס וועט זיין גענוגענד, ווען מיר וועלען אויספיהרען אין געהיים זיין טויטעס אורטהייל אין געפענגניס. — אָט אזוי וועט ער פערלאָרען ווערען פאר דעם אָנדענקען פון מענשען, און דו, נאַרישעס הארץ וועסט קענען לייכטער אויפאטהמען.

---

# נאַכט, אין ווילדען וואַלד

---

לאַגער פון ציגיינער.

ציגיינער מוטער (ביים פייער:)

צופליק, טאַכטער, דאס שטרוי־דאך איבער'ן גרוב; עס וועט נאָך זיין נאַכט און רעגען גענוג.

אינגעל (קומט:)

א היימסטער־חיה, מוטער. אט זיינען צוויי פעלדמייז!

מוטער.

איך וועל זיי אבשינדען און אבבראטען פאר דיר. פון די פעלכע־לעך זאלסטו האבען א היטעל. — דו בלוטעסט?

אינגעל.

היימסטער האט מיך געביסען.

מוטער.

ברענג מיר אהער דארעם האלץ, אז דאס פייער זאל זיך בעסער צוברענען. ווען דיין פאטער וועט קומען, וועט ער זיין נאס דורך און דורך.

אן אנדערע ציגיינערין מיט א קינד אויף דער האנד.

ערשטע ציגיינערין.

האסטו עפעס גוט אויסגעמאכט?

צווייטע ציגיינערין.

זעהר ווענינ. דאס לאנד איז אזוי אויפגערעגט, אז מען איז ניט זיכער מיט'ן לעבען. די דערפער ברענען ווי די ליכט.

ערשטע ציגיינערין.

איז יענער שיין דארטען א בראנד? איך זעה איהם שוין פון לאנג. מען איז שוין געוואהנט געווארען מיט די פייערדיגע צייכענס אויפ'ן הימעל.

ציגיינער הויפטמאן מיט דריי חברים קומען.

הויפטמאן.

הערט איהר דעם ווילדען יעגער?

ערשטע ציגיינערין.

ער קומט גראדע אהער איבער אונז.

הויפטמאַן.

ווי די הינט בילען! וואו! וואו!

צווייטער ציגיינער.

די בייטשען קנאַקען.

דריטער ציגיינער.

די יעגער שרייען: האַלא האַ!

מוטער.

דער טייוועל ברענגט זיין געפעק!

הויפטמאַן.

געפישט אין מוטנע וואסער. די בויערן אליין רויבען, מעגען מיר אויך.

צווייטע ציגיינערין.

וואס האָסטו דאָרט, וואָלף?

וואָלף.

א האָז, א האָהן און א בראָט־שפיז; א בינטעל ליינוואנד; דריי קאָכלעפעל און א פערד'ס צוים.

סטיקס.

א וואָלענע דעק האב איך, א פּאָאר שטיוועל מיט צונדער און שוועבעל.

מוטער.

אלעס איז אזוי נאס ווי די הינט; גיב עס אהער, לאָמיר עס אויסטריקענען.

הויפטמאַן.

הער! א פערד! געהט זעהט וואס דאס איז.

געטץ (רייטענדיג:)

גאָט זיי דאַנק! דאָרט זעה איך פייער, עס זיינען ציגיינער.

מיינע וואונדען גיסען מיט בלוט, און די שונאים זיינען פון הינטען.
גרויסער גאָט, מאכסט פון מיר א מיאוס'ן סוף!

הויפטמאַן.

קומסטו צו אונז אין פריעדען?

געטץ.

איך בעט פון אייך אום הילף. מיינע וואונדען פערמאַטערען מיך.
העלפט מיר ארונטער פון פערד.

הויפטמאַן.

העלף איהם! ער זעהט אויס אן עדעלער מאַן, אין געשטאַלט און
שפּראַך.

וואָלף (שטיל:)

עס איז געטץ פון בערליכינגען.

הויפטמאַן.

זייט ווילקאָמען! אלעס וואס מיר האבען איז אייערעס.

געטץ.

איך דאַנק אייך.

הויפטמאַן.

קומט אין מיין געצעלט.

## הויפטמאַן'ס געצעלט

הויפטמאַן, געטץ.

הויפטמאַן.

רופט די מוטער, זאָל זי ברענגען בלום־וואָרצלען און פּלאַסטער.

גערטץ.

(טהוט אוים דעם פאנצער.)

הויפטמאן.

דא האט איהר מיין יום־טוב׳דיגען כאלאט.

גערטץ.

גאט זאל אייך בעלוינען.

מוטער.

(קומט און פערבינדט זיינע וואונדען.)

הויפטמאן.

עס איז מיר הערצליך ליעב אייך דא צו האבען.

גערטץ.

קענט איהר מיך ?

הויפטמאן.

ווער זאל אייך ניט קענען ? גערטץ, אונזער לעבען און בלוט גיבען מיר פאר אייך.

שריקס.

דורך׳ן וואלד קומען רייטער. זיי בעלאנגען צום בונד.

הויפטמאן.

אייערע פערפאלגער ! זיי זאלען ביז צו אייך ניט קומען. שריקס, שנעל ! זאג אן די אנדערע ! מיר קענען די ווינקלען בעסער ווי זיי ; מיר וועלען זיי ניעדערשיסען איידער זיי וועלען אונז טרעפען.

גערטץ (אליין :)

אך, קייזער ! קייזער ! רויבער בעשיטצען דיינע קינדער. (מען הערט שארף שיסען.) די ווילדע חברה, ווי געטריי !

ציגיינערין.

ראטעוועט אייך, די שונאים איבערוועלטיגען אונז !

געטץ.

וואו איז מיין פערד?

ציגיינערין.

אט דא!

געטץ.

(גארטעלט זיך ארום און זעטצט זיך אויף אהן א פאנצער.) צום לעצטען מאל זאלען זיי פיהלען מיין האנד. אזוי שוואך בין איך נאך ניט! (אב.)

ציגיינערין.

ער יאגט צו אונזערע! (ענטלויפט.)

וואלף.

ענטלויפט! ענטלויפט! אלעם איז פערלוירען. אונזער הויפטמאן איז דערשאסען. געטץ געפאנגען. (געשריי פון די וויבער ענט־לויפענדיג.)

---

# אדעלהייד'ס שלאפצימער

אדעלהייד מיט א בריעף.

ער, אדער איך! דער איבערמוטהיגער! מיך סטראשען! — איך וועל דיך וויסען ווי צו בעגעגענען. ווער געהט עס עפעס דורך'ן זאאל? (עס קלאפט.) ווער איז אין דרויסען?

פראנץ (שטילערהייט:)

מאכט מיר אויף, גנעדיגע פרוי.

אדעלהייד.

פראנץ! ער פערדיענט איך זאל איהם אויפמאכען. (לאזט איהם אריין.)

פראנץ.

(פאלט איהר אויפ'ן האלז:) ליעבע, גנעדינגע פרוי!

אדעלהייד.

אונפערשעהמטער! ווען עמיצער זאל דיך הערען!

פראנץ.

אָה, יעדער שלאָפט.

אדעלהייד.

וואס ווילסטו?

פראנץ.

מיך לאָזט עס ניט רוהען. די סטראשונקעס פון מיין הערר, אייער שיקזאל, מיין הארץ.

אדעלהייד.

איז ער נעוועזן שטארק אין כעס, ווען דו האָסט גענומען אבשיעד?

פראנץ.

אזוי האב איך איהם נאָך קיינמאָל ניט געזעהען. „אוועק זאָל זי אויף איהרע גיטער!" האט ער געזאָגט. „זי זאָל עס וועלען!"

אדעלהייד.

און מיר זאָלען פאָלגען?

פראנץ.

איך וויים ניט, גנעדיגע פרוי.

אדעלהייד.

בעטראָגענער, נארישער יונג, דו זעהסט ניט מיט וואס דאס וועט זיך ענדיגען. דאָ רעכענט ער מיך אין זיכערהייט. מיין פרייהייט געפעלט איהם שוין לאנג ניט. ער וויל מיך בעסער האבען אויף זיינע גיטער. דאָרט האט ער כח צו טהון מיט מיר וואס ער וויל.

פראנץ.

דאס זאָל ער ניט!

אדעלהייד.

ווערסטו איהם ניט לאָזען?

פראַנץ.

ער זאָל עס ניט!

אדעלהייד.

איך זעה ארום מיין גאַנצעס עלענד. פון זיין שלאָס וועט ער מיך מיט געוואַלט ארויסרייסען און דאַן איינשפּארען אין א קלויסטער.

פראַנץ.

העללע און טויט!

אדעלהייד.

ווערסטו מיך ראַטעווען?

פראַנץ.

אַלעס! אַלעס!

אדעלהייד.

(נעהמט איהם ארום וויינענדיג:) פראַנץ, אַך, אונז צו ראַטעווען!

פראַנץ.

ער זאָל עס ניט טהון, איך וועל איהם ארויפשטעלען מיין פוס אויף זיין נאַקען!

אדעלהייד.

קיין וואוטה! דו זאָלסט איהם ברענגען א בריעף פול מיט אונטערטהעניגקייט, אז איך בין בערייט איהם צו פאָלגען. דאַן גיב איהם אריין דיעזעס פלעשעלע אין געטראַנק.

פראַנץ.

גוט, איהר זאָלט זיין פריי!

אדעלהייד.

פריי! דאַן ווערסטו ניט מעהר קומען צו מיר ציטערענדיג אויף דיינע שפּיטץ פינגער — און איך וועל דיר שוין מעהר ניט דאַרפען זאָגען שרעקעדיג: שטעה אויף, פראַנץ, עס טאָגט.



# היילבראָנן

## פאַר דער טורמע.

## עליזאַבעטה, לערזע.

לערזע.

גאָט זאָל אייך טרייסטען. מאַריע איז דאָ.

עליזאַבעטה.

גאָט זיי דאַנק! לערזע, מיר זיינען אריינגעפאַלען אין א גרויסעם אונגליק. עס איז פונקט אזוי, ווי דאס הארץ האט מיר געזאָגט. געפאַנגען, אלס רעבעל. אלס פערברעכער אריינגעוואָרפען אין דער טיעפסטער טורמע.

לערזע.

איך ווייס אלעס.

עליזאַבעטה.

גאָר ניט, ווייסט גאָר ניט; די קלאָג איז צו גרויס! זיין עלטער, זיינע וואונדען, א ברענענדעס פיעבער, און מעהר פון אלעס, די פינסטערקייט אין דער נשמה, און אזוי מוז עס נעהמען פון איהם א סוף.

לערזע.

אויך וואס ווייזלינגען איז דער קאָמיסאַר.

עליזאַבעטה.

ווייזלינגען?

לערזע.

מען האט דורכגעפיהרט אונערהערטע הינריכטונגען. מעטצלער איז לעבעדיג פערברענט געוואָרען; הונדערטער האט מען גערעדערט, געשפּיעזט, געקעפּט און געפערטעלט, דאס לאַנד ארום זעהט אויס ווי א שלאַכטהויז, וואו מענשענפלייש ווערט געשניטען.

עליזאַבעטה.

וויזלינגען קאָמיסאר? אַך, גאָט, א שטראהל פון האָפנונג. מאריע זאָל צו איהם געהען, איהר וועט ער גאָר ניט קענען אָבזאָגען. ער האט תמיד געהאַט א ווייכעס הארץ, און ווען ער וועט זעהען זי, וועלכע ער האט אזוי געליעבט, וועלכע איז אזוי עלענד דורך איהם — וואו איז זי?

לערזע.

נאָך אין ווירטהסהויז.

עליזאַבעטה.

פיהר מיך צו איהר. זי מוז באַלד געהען. איך האב מורא פאר אַלעם.

---

## וויזלינגען'ם שלאָס

וויזלינגען.

איך בין אזוי קראַנק, אזוי שוואך. אַלע מיינע ביינער זיינען הויל. א שרעקליכעס פיעבער האט אויפגעפרעסען דעם מארך. קיין רוה, ניט ביי טאָג, ניט ביי נאכט. אין האַלבען שלומער — גיפטיגע חלומות. פאָריגע נאכט האב איך בעגעגענט געטץ'ן אין וואַלד. ער האט ארויסגעצויגען זיין שווערט און מיך ארויסגעפאָדערט. איך האב געוואָלט אָנכאַפּען מיין שווערט, אבער די האַנד איז געווען געלעהמט. דאן האט ער צוריקגעלעגט זיין שווערט אין שיידט, מיך אָנגעקוקט מיט פעראַכטונג און איז אוועק הינטער מיר. — ער איז געפאַנגען און איך ציטער פאר איהם. עלענדער מענש! דיין וואָרט האט איהם פעראורטהיילט צום טויט און דו ציטערסט פאר זיין טרוים-געשטאַלט ווי א פערברעכער! זאָל ער שטאַרבען? געטץ! געטץ! — מיר מענשען פיהרען זיך ניט אליין; בייזע רוחות האבען שליטה איבער אונז. (זעטצט זיך.) מאַט! מאַט! ווי בלוי עס זיינען מיינע נעגעל!— א קאַלטער, קאַלטער, פערצעהרענדער שוויים לעהמט מיר יעדעס

גליער. אַלעס דרעהט זיך אַרום מיר. וואָלט איך כאָטש געקענט שלאָפען! אַך —

מאַריע (ערשײנט).

װײזלינגען.

יעזוס מאַריע! — גיב מיר רוה! לאָז מיך רוהען! — אָט די געשטאַלט האָט מיר נאָך געפעהלט! זי שטאַרבט, מאַריע שטאַרבט און זי בעװײזט זיך פאַר מיר. — פערלאָז מיר, זעליגער גײסט, איך בין שוין גענוג עלענד.

מאַריע.

װײזלינגען, איך בין קײן גײסט. איך בין מאַריע.

װײזלינגען.

דאָס איז איהר שטימע.

מאַריע.

איך קום אױסצובעטען בײ דיר מײן ברודער'ס לעבען. ער איז אונשולדיג װי שטראָפבאַר ער זאָל נאָך אױסזעהען.

װײזלינגען.

שטיל, מאַריע! דער מלאך פון הימעל בעגריסט די מאַטערניסע פון גיהנום איבער מיר. רעד ניט מעהר!

מאַריע.

און מײן ברודער זאָל שטאַרבען? װײזלינגען, עס איז שרעקליך, אַז איך דאַרף דיר זאָגען: ער איז אונשולדיג; אַז איך מוז קלאָגען, דיך אָבצוהאַלטען פון דעם אַבשײליכען מאָרד. דײן נשמה איז בע־ הערשט פון פײנדליכע רוחות. דאָס איז אַדעלבערט!

װײזלינגען.

דו זעהסט, אַז דער פערצעהרענדער אָטהעם פון טױט האָט מיך אַנגעהויכט, מײן קראַפט זינקט צום קבר. איך שטאַרב אַלס אַן עלענ־ דער און דו קומסט מיך שטירצען אין פערצװײפלונג. װען איך זאָל קענען רעדען, װאָלט דײן גרעסטער האַס זיך פערװאַנדעלט אין מיט־ לײד. אַך, מאַריע! מאַריע!

מאַריע.

וויזלינגען, מיין ברודער וועט אויסגעהען אין געפענגניס. זיינע שווערע וואונדען, זיין עלטער! זיין גרויער קאָפּ — וויזלינגען, מיר וועלען פערצווייפלען.

וויזלינגען.

גענוג! (קלינגעלט.)

פראַנץ (שטאַרק גערירט:)

גנעדיגער העררט!

וויזלינגען.

די פּאַפּירען דאָרט, פראַנץ!

פראַנץ.

(ברענגט זיי איהם.)

וויזלינגען.

(רייסט אויף א פּאַקעט און ווייזט מאַריע'ן א פּאַפּיר:) דאָ איז שוין אונטערגעשריעבען דיין ברודער'ס טויטעס אורטהייל.

מאַריע.

גאָט אין הימעל!

וויזלינגען.

און איך צוריים עס! ער זאָל בלייבען לעבען! אבער קען איך ווידער פערריכטען, וואס איך האב צושטערט? וויין ניט אזוי, פראַנץ! גוטער יונג, דיך ריהרט אָן מיין עלענד ביים הארצען.

פראַנץ.

(וואַרפט זיך פאר איהם אַניעדער און נעהמט ארום זיינע קניע.)

מאַריע (פאר זיך:)

ער איז זעהר קראַנק. זיין אנבליק צורייסט מיר דאס האַרץ. ווי איך האב איהם געליעבט! און יעצט, ווען איך בין אזוי נאָהענט צו איהם, שפּיר איך ווי לעבהאַפט.

וויזלינגען.

פראַנץ, שטעה אויף און לאָז אָב דאס וויינען! איך קען נאָך ווידער אויפקומען. האָפנונג איז ביי די לעבעדיגע.

פראַנץ.

איהר וועט ניט אויפקומען. איהר מוזט שטאַרבען.

וויזלינגען.

איך מוז?

פראַנץ (אויסער זיך:)

גיפט! גיפט! פון אייער ווייב! — איך! איך — (לויפט ארוים.)

וויזלינגען.

מאַריע, געה איהם נאָך, ער פערצווייפעלט. (מאריע אָב.) גיפט פון מיין ווייב! וועה! וועה! איך פיהל עס, מאַרטער און טויט!

מאַריע (פון אינוועניג:)

הילף! הילף!

וויזלינגען (וויל אויפשטעהען).

גאָט, קען איך דאס שוין אויך ניט?

מאַריע (ערשיינט:)

ער איז אוועק. ארוים פון זאַאלענפענסטער האט ער זיך אריינגעוואָרפען אין מאַין.

וויזלינגען.

איהם איז גוט. — דיין ברודער איז ארוים פון געפאַהר. די איבריגע קאָמיסאַרען, איבערהויפּאַ זינקענדאָרף, זיינען זיינע פריינד. זיי וועלען איהם באַלד, אויף זיין וואָרט, געבען ריטערליכעס געפענגניס. לעב וואָהל, מאַריע, און געה!

מאַריע.

איך וועל דאָ בלייבען, אָרעמער, פערלאָזענער!

ווייזלינגען.

אמת, א פערלאָזענער און אן אָרעמער. אך, גאָט, דו ביסט א שרעקליכער בעל נקמה! — מיין ווייב!

מאַריע.

שלאָג דיר ארויס דיעזע געדאנגען. קעהר אום דיין הארץ צום בארמהערציגען!

ווייזלינגען.

געה, ליעבע נשמה, לאָז מיך איבער צו מיין עלענד. שרעקליך! אויך דיין געגענוואַרט, מאריע, דער לעצטער טרייסט, איז א וועהטאָג.

מאַריע (פאר זיך:)

שטארק מיך, אָה, גאָט! מיין נשמה פאלט מיט זיינער!

ווייזלינגען.

וועה! וועה! גיפט פון מיין פרוי! — מיין פראנץ פערפיהרט דורך דער אבשייליכער! ווי זי וואַרט און האָפט אויפ׳ן שליח, וואס וועט איהר ברענגען די בשורה: ער איז טויט! און דו, מאריע, מאַ־ריע! פאר וואס ביסטו געקומען, אום אויפצואוועקען יעדע שלאָ־פענדע עראינערונג פון מיינע זינד? פערלאָז מיך, פערלאָז מיך, אז איך זאָל קענען שטארבען.

מאַריע.

לאָז מיך בלייבען! דו ביסט אליין. דענק דיר, אז איך בין דיין ווערטערין. פערגעס אלעס! גאָט זאָל דיר אזוי אין אלעם פערגעסען, ווי איך פערגעס דיר.

ווייזלינגען.

דו, נשמה פול מיט ליעבע, בעט פאר מיר! בעט פאר מיר! מיין הארץ איז פערשלאָסען.

מאַריע.

ער וועט זיך אויף דיר דערבארעמען. דו ביסט מאַט.

ווייזלינגען.

איך שטארב, שטארב און קען ניט אויסגעהען. און אין דעם

פירכטערליכען שטרייט צווישען לעבען און טויט זיינען די וועהטאָגען קוואלען פון גיהנום.

מאריע.

דערבאַרעמער, דערבאַרעם דיך איבער איהם! בלויז איין בליק פון דיין ליעבע אין זיין הארץ, אז עס זאָל איהם געבען טרייסט, און זיין גייסט זאָל איהם ברענגען האָפנונג איהם אריעבערצופיהרען אין טוים.

# אין א פינסטערען, ענגען געוועלב

די ריכטער פון געהיים געריכט.

אלע פערשטעלט.

עלטסטער.

ריכטער פון דעם געהיימען געריכט, שווערט אויף שטריק און שווערט צו זיין אונפּארטייאיש, צו אורטהיילען אין פערבאָרגענעם, צו שטראפען אין פערבאָרגענעם גליך ווי גאָט! אויב אייערע הערצער און אָרעמס זיינען ריין, דאַן הייבט אויף די אָרעמס און רופט אוים איבער די פערברעכער: וועה! וועה!

אלע.

וועה! וועה!

עלטסטער.

רופער, הייב אָן דאס געריכט.

רופער.

איך רופער רוף אוים די קלאָג געגען פערברעכער. וועמעס הארץ איז ריין, וועמעס אָרעמס זיינען ריין, צו שווערען אויף שטריק און שווערט! קלאָג אָן! קלאָג אָן!

קלעגער (ערשיינט:)

מיין הארץ איז ריין פון זינד, מיינע הענד זיינען ריין פון אונ־שולדיגען בלוט. גאָט, פערצייהע מיר בייזע געדאנקען און פערצאָם דעם וועג צום ווילען. איך הייב אויף מיין האנד און קלאָג אָן! קלאָג אָן!

עלטסטער.

וועמען קלאָגסטו אָן?

קלעגער.

איך קלאָג אָן אויף שטריק און שווערט אדעלהייד'ן פון וויזלינ־גען. זי איז שולדיג אין לא תנאף. און איהר מאַן האט זי פערגיפטעט דורך איהר דיענער. דער דיענער האט זיך אליין אָנגעטהאָן א מיתה, דער מאַן איז טויט.

עלטסטער.

שווערסטו צום גאָט פון וואהרהייט, אז דו זאָגסט די וואהרהייט?

קלעגער.

איך שווער!

עלטסטער.

ווען מען וועט געפינען, אז דו האָסט פאַלש געשוואוירען, וועסטו איבערגעבען דיין האלז צו דער שטראָף פון מאָרד און לא תנאף?

קלעגער.

יא!

עלטסטער.

אייערע בעווייזע. (זיי רעדען בסוד צו איהם.)

קלעגער.

ריכטער פון דעם הימלישען געריכט, וואס איז אייער אורטהייל איבער אדעלהייד פון וויזלינגען, שולדיג אין לא תנאף און מאָרד?

עלטסטער.

שטאַרבען זאָל זי! שטאַרבען א ביטערען און דאָפּעלטען טויט.

מיט שטריק און קינזשאַל זאָל זי בעצאָהלען דאָפּעל פאַר איהר דאָ־פּעלטעם פערברעכען. שטרעקט אוים אייערע הענד און רופט אוים: וועה איבער איהר! וועה! וועה! אין די הענד פון דעם בעל־נקמה!

אלע.

וועה! וועה! וועה!

עלטססטער.

בעל־נקמה! בעל־נקמה, ערשיין!

בעל־נקמה (ערשיינט).

עלטססטער.

נעהם די שטריק און שווערט, כדי זי צו פערטיליגען פון פאַר דעם הימעל ביז אין אכט טעג צייט. וואו דו וועסט זי געפינען, זאָל זי געוואָרפען ווערען אין שטויב! — ריכטער, וואס משפט אין פער־באָרגענעם און שטראָפט אין פערבאָרגענעם ווי גאָט, היט אייערע הערצער פאַר שלעכטע מעשים און אייערע הענד פאַר אונשולדיגען בלוט!

---

# הויף פון א קרעטשמע

מאריא, לערזע.

מאריא.

די פערד האבען שוין גענוג גערוהט. לערזע, מיר מוזען שוין געהען.

לערזע.

רוהט נאָך ביז אין דער פריה. די נאַכט איז זעהר ניט פריינדליך.

מאריא.

לערזע, איך האב קיין רוה ביז איך וועל ניט זעהען מיין ברודער. לאָמיר געהען! דאס וועטער לייטערט זיך אוים. מיר מעגען ערוואר־טען א שעהנעם טאָג.

לערזע.

ווי איהר בעפעלט.

# הײלבראָנן

אין טורמע.

געטץ, עליזאבעטה.

עליזאבעטה.

איך בעט דיך, ליעבער מאַן, רעד מיט מיר. די שטילשווייגען ער־גערט מיך. דו לעשט זיך אוים אין דיר אליין. קום, לאָמיר זעהען דיינע וואונדען; זיי בעסערען זיך זעהר פיעל. אין דער מוטהלאָזער פינסטער־ניס דערקען איך דיך ניט מעהר.

געטץ.

האָסטו געזוכט געטץ'ן? ער איז שוין לאנג ניטאָ. זיי האבען מיך איינם נאָך אנאנדער פערקריפעלט: מיין האנד, מיין פרייהייט, גיטער און גוטען נאָמען. מיין קאָפּ? וואס פאר א ראָלע שפיעלט ער? — וואס הערט איהר פון געאָרג'ן? איז לערזע געגאנגען נאָך איהם?

עליזאבעטה.

יא, מיין ליעבער! פאָס מוטה, פיעלעס קען זיך נאָך אומ־קעהרען.

געטץ.

וועמען גאָט וואַרפט אניעדער, דער קען זיך שוין מעהר ניט

אויפהייבען. איך ווייס אם בעסטען וואס עס ליעגט אויף מיינע שול־טער. אונגליק בין איך געוואָהנט צו דערטראָגען. און יעצט איז עס ניט בלויז ווייזלינגען, ניט בלויז די בויערן, ניט דער טויט פון קייזער און מיינע וואונדען — עס איז אַלעס צוזאַמען. מיין שטונדע איז געקומען. איך האב געהאָפט זי זאָל זיין ווי מיין לעבען. גאָט'ס ווילען זאָל געשעהען.

עליזאַבעטה.

ווילסטו ניט עפּעס עסען?

געטץ.

נאָר ניט, מיין פרוי. זעה נאָר, ווי די זונן אין דרויסען שיינט.

עליזאַבעטה.

א שעהנער פריהלינגס־טאָג.

געטץ.

מיין ליעבע, ווען דו זאָלסט קענען איבעררעדען דעם וועכטער מיך אריינצולאָזען אין זיין קליינעם גאָרטען אויף א האַלבע שטונדע. — אַך, איך זאָל קענען געניסען פון דער ליעבער זונן, פון לויטערן הימעל, פון דער ריינער לופט.

עליזאַבעטה.

באַלד! און ער וועט עס געווים טהון.

---

# גאָרטען אין טורמע

מאַריאַ, לערזע.

מאַריאַ.

געה אריין און זעה ווי עס שטעהט. (לערזע אַב.)

עליזאַבעטה, וועכטער.

עליזאַבעטה.

נאָט זאָל איך בעלוינען פאר דער ליעבע און טרייהייט צו מיין מאַן. (וועכטער אָב.) מאריא, וואס פאר א נייעס ברענגסטו?

מאריא.

מיין ברודער'ס זיכערהייט. אך, אבער מיין הארץ איז צוריסען. ווייזלינגען איז טויט, פערגיפטעט פון זיין ווייב. מיין מאַן איז אין געפאהר. די פירסטען ווערען שטארקער פון איהם; מען זאָגט, אז ער איז ארומגערינגעלט און בעלאגערט.

עליזאַבעטה.

גלויב ניט וואס מען זאָגט, און לאָז עס געטץ'ן ניט מערקען.

מאריא.

וואס טהוט ער?

עליזאַבעטה.

איך האב מורא, אז ער וועט דיין צוריקקעהרען ניט דערלעבען. גאָט'ס האנד ליעגט אויף איהם שווער, און געאָרג איז טויט.

מאריא.

געאָרג! דער גאָלדענער יונג!

עליזאַבעטה.

ווען די לומפּען האבען געברענט מילטענבערג, האט איהם געטץ געשיקט ער זאָל זיי אָבהאלטען דערפון. דאן איז אָנגעפאלען א טרופּ סאָלדאטען פון בונד. — געאָרג! אך, ווען זיי וואָלטען זיך אלע גע־האלטען ווי ער, וואָלטען זיי אויך געהאט דאס גוטע געוויסען ווי ער. פיעלע זיינען דערשטאָכען געוואָרען און געאָרג מיט זיי; ער איז געשטאָרבען א רייטער'ס טויט.

מאריא.

וויים עס געטץ?

עליזאַבעטה.

מיר פערבאָרגען עס פאר איהם. ער פרעגט זיך נאָך צעהן מאָל א טאָג, און ער שיקט מיך צעהן מאָל א טאָג פאָרשען וואס געאָרג טהוט. איך האב מורא צו געבען זיין הארצען אָט דיעזען לעצטען שטאָך.

מאַריא.

אָך, גאָט, וואס זיינען גאָר די האָפנונגען פון דיעזער ערד?

---

געטץ, לערזע, וועכטער.

געטץ.

אַלמעכטיגער גאָט, ווי גוט עס איז אונטער דיין הימעל! ווי פריי! די בוימער בליהען און די גאַנצע וועלט האָפט! לעבט וואָהל, מיינע ליעבע, מיינע וואָרצלען זיינען אָבגעהאַקט, מיין קראפט זינקט צום קבר.

עליזאַבעטה.

מעג איך שיקען לערזע'ן צו דיין זוהן אין קלויסטער, אז דו זאָלסט איהם נאָך זעהען און בענשען?

געטץ.

לאָז איהם דאָרט, ער איז הייליגער ווי איך, ער דאַרף ניט מיין ברכה. — אין אונזער חתונה־טאָג, עליזאַבעטה, האב איך מיר ניט פאָרגעשטעלט, אז איך וועל אזוי שטאַרבען. מיין אַלטער פאָטער האט מיך געבענשט, און א נאכקאָמענשאפט פון עדעלע און העלדישע זיהן איז געקוואָלען פון זיין געבעט. גאָט, דו האָסט איהם ניט געהערט, און איך בין דער לעצטער! לערזע, דיין פּנים פרייט מיך אין דער שטונדע פון טויט מעהר ווי אין מוטהיגסטען געפעכט. דאַמאָלס האט מיין גייסט געפיהרט דיינעם, יעצט גיבסטו מיר מוטה. אָך, איך זאָל קענען נאָך איינמאָל זעהען געאָרג'ן, מיך אָנוואַרעמען אָן זיין בליק! —איהר קוקט צו דער ערד און וויינט — ער איז טויט — געאָרג איז טויט — שטאַרב, געטץ, דו האָסט דיך אַליין איבערגעלעבט, איבער־

געלעבט דיין עדעלע — ווי אזוי איז ער געשטאָרבען? — אַך, האבען זיי איהם געכאַפּט אונטער די מאָרד־ברענער און זיי האבען איהם היגעריכטעט?

עליזאַבעטה.

ניין, ער איז ביי מילטענבערג דערשטאָכען געוואָרען. ווי א לייב האט ער געקעמפּפט פאר זיין פרייהייט.

געטץ.

גאָט זיי דאנק! — ער איז געוועזן דער בעסטער יונג אונטער דער זונן און מוטהיג דערצו. — נעהם צו יעצט מיין נשמה. — אָרעמע פרוי, איך לאָז דיך אין א פערדערבטער וועלט. לערזע, פערלאָז זי ניט. — שליסט אייערע הערצער בעססער ווי אייערע טויערן. עס קומען די צייטען פון בעטרוג, וואס האט געקריעגען פרייהייט. די לומפּען וועלען רעגיערען מיט כיטראָסט און די עדעלע וועלען אריינפאלען אין זייערע נעטצען. מאריא, גאָט זאָל דיר ווידער צוריק געבען דיין מאַן. זאָל ער ניט אזוי טיעף פאלען ווי הויך ער איז געשטיעגען. געשטאָרבען איז זעבליטץ, דער גוטער קייזער און מיין געאָרג. — גיט מיר א טרונק וואסער. — הימלישע לופט. — פרייהייט! פריי־הייט! (ער שטארבט.)

עליזאַבעטה.

נאָר אויבען, אויבען ביי דיר! די וועלט איז א געפענגניס!

מאריא.

עדעלער מאַן! עדעלער מאַן! וועה דעם יאָהרהונדערט וואס האט דיך פון זיך פערשטויסען!

לערזע.

וועה דער נאָכקאָמענשאַפט, וואס וועט דיך ניט אָבשעטצען!



